אַלע ווערק
פון
אַברהם רייזען.
אין 12 בענדער.

# יובּילעאום אויסגאַבּע.

צווייטע אויפלאַגע.



אברהם רייזען.

נײנטער באַנד:

# אין אמעריקע.

ארויסגעגעבען פון פערלאג „אידיש“
1917 ניו־יאָרק, תרע"ז

# ליעבע אהן א היים.

עס איז ווירקליך געווען א גאָט־געבענשט פּאָרל. ער, היי־מאן, א יונג פון א יאָהר פינף און צוואנציג, א הויכער, א שלאנ־קער, מיט שווארצע גוטסקייט־אויסדריקענדע אויגען, און זי, בעסי, א מיידעל פון א יאָהר אכצעהן פון מיטעלער וואוקס, אָבער שלאנק און בויגיג, ווי א יונג ביימעל. א זיסער גוטער שמייכעל האָט גערוהט אויף איהרע ליפּעלעך און א ברכה צו דער גאנ־צער וועלט — אין איהרע גרויסע שווארצע אויגען.

וואו און ווי אזוי האָבען זיי זיך בעגעגענט? עס איז נישט וויכטיג. אין טעאטער, אויף א קאָנצערט, אָדער גאָר אין א פּארק? אָדער אפשר אין קוני־איילענד אמאָל, רייטענדיג ביידע אויף הילצערנע פערדלעך? וויכטיג איז אבער זייער אמת'ע ריי־נע יונגע ליעבע, וואָס האָט אָנגעפילט זייערע הערצער און האָט מיט חן און פרייד ארויסגעקוקט פון זייערע יונגע וועזענס.

אָנפאנגס האָט ער געהייסען, אז זיי „געהען ביידע אויס". אזוינס האָט קיינעם נישט געארט. וואס פאר א בייז, אז מען געהט שפּאַצירען? דאָס איז ערלויבט. ערלויבט איז שוין נישט געווען אין א פינסטערער אלעע שפּעט ביינאכט זיך קושען. דאָס האָט דאָס פּאָרל געדארפט טהאָן מיט גרויס פאָרזיכטיגקייט. עפּעס האָבען זיי ביידע דונקעל געוואוסט, אז קושען זענען דאָ אין לאנד שטרענג פערבאָטען.

און אָבוואָהל די פאָרזיכטיגקייט האָט פון איין זייט זי־סער געמאכט די איינצעלנע אָבגעהאַקטע קושען, האָט דאָך פון דער צווייטער זייט דער שרעק געשטערט, און זייער ליעבע האָט געזוכט א מעהר רוהיגען און זיכערען אָרט.

איינמאָל, אין אַ שענער פריהלינגסנאַכט, ווען דער קוואַל פון ליעבע האָט אין זייערע הערצער זיך געעפענט און שטאַרק געשלאָגען, און עטוואָס מעהרער ווי קושען געפאָדערט, האָט היי־מאַן, שטאַרק דריקענדיג זיין בעסי'ן אין זיין אָרים, זיך אבגע־רופען:

— בעסילע... וואָלסט אפשר אריינגעגאנגען איצט צו מיר אַ ווײַלע...

בעסי, וואָס האָט אין דער נאַכט היימאנען ליעבער געהאַט ווי אַלע מאָל, און וואָס האָט געהאַט נאָר איין פערלאַנג — זיין מיט איהם איצט נאָר אליין, אליין, — האָט זיך דאָך, אביסעל נעקווײַנקעלט און חנ'עוודיג געשאָקעלט מיט'ן קעפעל...

— ווילסט ניט, נאַרעלע... — האָט היימאן זי געפאָרשט— ווילסט ניט געהן צו מיר?...

— יאָ, ווילען וויל איך געהן צו דיר... — האָט זי קינ־דיש־קאָקעטיש געענטפערט און זיך געדריקט שטאַרקער צו איהם — איך וויל זעהר געהן צו דיר, איך האָב אָבער מורא פאַר דיין מיסעס...

— עט, נאַרעלע... וואָס האָסטו מורא? די מיסעס שלאָפט שוין... מיר וועלען אריינגעהן שטיל, פאמעליך... הערסט, בע־סילע, אבער טאַקע פאמעליך, זי זאָל זיך ניט אויפחאַפען.

— קום! — האָט בעסי דאָך איינגעווילינגט...

— אַ מיין טייער קלוג, מיידעלע! — האָט היימאן, ענט־ציקט פאַר גליק, איהר אריינגעפליסטערט אין אויער און בגנבה פון דער גאָס און נאַכט זי אַ קוש געטהאָן...

— דו ביזט גאָר ניט פאָרזיכטיג, היימאן, — האָט זי איהם חנ'עוודיג גע'מוסרט — זעהסט ניט דאָרטען אויפ'ן קאָרנער דעם פאָליסמאן!...

— אוי, דו ביזט טאַקע גערעכט, מיין מיידעלע! — האָט איהר היימען נאָכגעגעבען — מען קען טאַקע חאַפען אַ פּסק... שוין מעהר ניט... קום, בעסי, קום צו מיר...

און מיט קלאפּענדע הערצער, פול מיט זיסער אויפרעגונג האָבען זיי זיך געלאָזט גערן צום הויז, וואו זיין וואוינונג האָט זיך געפונען.

צוקומענדיג צום הויז, האָט היימאן ווידער איהר גענומען פליסטערן אין אויער אריין:

— געדענק, בעסי, דו זאָלסט קיין וואָרט ניט אויסריידען... שטיל אריין... גאָר שטיל...

— יאָ, יאָ! — האָט בעסי פערזיכערט, און איהר הארץ איז שיער ניט צוצואַנגען פאר זיסקייט, און זי האָט קוים זיך איינגעהאלטען ניט צו אָטהעמען.

היימאן האָט אָנגעהויבען שליסען די טיר. בעסי האָט איינ־געהאלטען דיעם אָטעם.

ענדליך האָט זיך די טיר שטיל געעפענט. דאָס פּאָרל איז שוין געווען אינווייניג.

— ששששש... — האָט היימאן געוואָרענט מיט'ן וואונק און זיי האָבעןביידע קוים־קוים אָנגעריהרט דעם פלאָר...

פּלוצים האָט זיך דערהערט א הוסטען פון א שלאָפענדיגען ווייבעל, עס האָט באלד א קנאק געטהאָן א שוועבעלע, און אַ פרוי אין א לאנגען נאכט־העמד, דיק און גרויס, איז אויסגע־וואקסען פאר זייערע אויגען.

— וואָס איז דאָס, האַ? — האָט זי זיך צושריען — ווע־מען שלעפּט איהר מיר אהער... העַן? איך ליעג אזוי מיט מיין דזשייקען און פּיהל, אז מענשען קומען... דזשייק! — האָט זי זיך געווענדט צום מאַן, וואָס איז געשלאָפען מיט איהר אין איין בעט... — וואָס זאָגסטו צו אונזער באָרדער? ניין! אזעלכע זאכען ווילען מיר ניט ביי אונז אין הויז... איהר קענט אייך מאָרגען מופען...

און האָט זיך צוריק געלאָזט אין בעט אריין צו איהר דזשיי־קען...

ארויסגעהענדיג צוריק אויפ'ן סטריט, האט בעסי געצי־טערט ווי אין א פיבער.

— בעסילע, ביזט בייז... — האט היימאן זי צערטליך גע־פרעגט.

— אבער ניט אויף דיר, היימאן, — אויף איהר... אזא שוויין... אין איין העמד איז זי געשטאנען, עס האט מיך גע־עקעלט...

— זי האט זיך היינט מיט איהר מאן געשלאגען און דאך שלאפט זי מיט איהם איצט... זיי מעגען... פוי...

— אודאי איז דאס מאוס... — האט בעסי נאכגעגעבען היימאנען און האט איהם מיט ליעבשאפט געצווינגען צו זיך.

— קום, בעסילע... איך וועל דיך בעגלייטען אהיים...

— ניין, ניין! היימאן! — האט זיך בעסי שיער ניט צו־וויינט, איך וועל דיך נישט אבלאזען... איך האב דיך עפעס די נאכט ליעבער ווי אלעמאל... איך וויל זיך מיט דיר ניט שיי־דען... ווייסט וואס... מיר דאכט, אז צו מיר קענסטו יא אריין... מיין מיסעס שלאפט אימער ווי א גע'הרג'עטע...

— און ער?... — האט היימאן געפרעגט.

— ער אויך... זיי שלאפען אלע מאל ווי גע'הרג'עטע. אז איך קום צו געהן, הערען זיי קיינמאל ניט... קום צו מיר, היי־מאן, קום!

— א, מיין גאלדענע בעסי! — האט איהר היימאן גע־דריקט צו זיך און מיט שרעק און פרייד זיך געלאזט געהן צו איהר...

שטילער און פארזיכטיגער ווי אימער האט בעסי געשלא־סען די טיר. מיט פערשטיקטע אטעמס זענען די צוויי פערליעב־טע אריין.

— ציגד אן א שוועבעלע! — האט זי איהם ארייננגע־סוד'עט אויפ'ן אויער.

דאָס שוועבעלע האָט אונערוואַרטעט ווי אַ רעוואָלווער אויסגעשאָסען, און עס האָט דאָס פּאַרפאַלק, וואָס שלאָפען אי־מער ווי געה'רג'עטע, אויפגעוועקט.

— צוריק! — האָט בעסי מיט שרעק אַנגעכאַפּט היי־מאַנען.

— פּערפאַלען שוין? — האָט היימאַן אין שרעק געשטאַ־מעלט.

און גלייך אויף זייערע רייד איז אַרויסגעשפּרונגען פון אַ ברייט בעט אַ פּאַרפאַלק אין נאַכט־קליידער און האָבען זיך צו־שריען:

— ווער איז דאָ? וואָס איז דאָ?

דער גאַז איז גלייך אַנגעצונדען געוואָרען.

— וואָס איז דאָס? בעסי! איהר! — האָט די מיסיס געמוסרט... — אַזוי שפּעט מיט אַ יונגערמאַן... פע! שעמט זיך...

— טאַקע שעמט זיך! — האָט אויך דער מאַן מיט שטאַרק פערשלאָפענע אויגען און אַ הייזעריגליכער שטים געבייזערט זיך...

— סטייטש, סטייטש! — האָט די מיסעס זיך נישט בערוהיגט — איינס אַ זייגער ביינאַכט מיט אַ באָי... אַט אַזוי ווערט מען דאָס דאָ צולאָזען.

— איך האָב איהם ליעב... ס'איז מיין חתן... — האָט זיך בעסי קוים געפונען...

— און אז ליעב, איז וואָס? — האָט די מיסעס גע־טענה'ט... ביז וואַנען איהר האָט נישט קיין לייסענס...

— נעהמט לייסענס... — האָט אויך דער מאַן, וואָס האָט זיך שוין אויסגעטשוכעט, פעסטער גערעדט... לייסענס, און דע־מאָלט געזונטערהייד... אָבער איצט... איצט געהט אייך ערגעץ אנדערש־וואו... מיר קענען נישט ערלויבען איינס אַ זייגער ביינאַכט קומען אהער... ניין... געהט אייך...

דאָס פּאַרפּאַלק איז אריין צוריק אין בעט און בעסי מיט היימאַנען זענען ארוים צוריק אויפ'ן גאַס.

— בעסילע, דו וויינסט? — האָט איהר היימאַן געפרעגט, בעמערקענדיג טרעהרען אין איהרע אויגען.

— ניין, היימאַן, ניין! עס איז גלאַט א פערדרוס... אזוינע מיאוסע מענשען... איצט ערשט האָב איך דיך ליעב...

— ערשט איצט האָב איך דיך ליעבער ווי אַלעמאָל...— האָט היימאַן פון זיין זייט געזאָגט. — אַ, מיין בעסילע, אונזער ליעבע איז די שעהנסטע און ריינסטע און דאָך... זעה — זי האָט נישט קיין היים...

און דאָס פערליעבטע פּאָרל איז געבליבען שטעהן אין מי־טען סטריט, נישט וויסענדיג וואוהין צו געהן מיט זייער ליע־בע.

די גאַס איז געוועזן שטיל און לעער. אויבען איז געשוואו־מען רוהיג און געלאַסען די אוראַלטע לבנה און האָט ווי מיט פאַרוואורף אַראָבגעקוקט אויפ'ן פּאָרל.

אויף דעם צווייטען קאָרנער איז געשטאַנען דער פּאָליס־מאַן און האָט זיי שטרענג נאָכגעקוקט...

# די אמעריקאנער אייראפעאישע.

ווען אמאליע איז נאך געגאנגען אין פאבליק סקוהל פלעגט זי אין געוויסע אבענדען בעמערקען ווי צו איהר פאטער, דעם דאקטאר וואלפזאהן אין הויז קומען זיך צונויף אזוינע מענשען, וואס זיינען אין געוויסע היגזיכטען זעהר „פאני“. דער טאטע אבער, פלעגט מיט זיי פערברענגען זעהר גערן, פלעגט זיך היצען, מאכען מיט די הענט און פלעגט אט די אלע געסט פון פערשיעדענעם עלטער און געשלעכט נעהמען זעהר ערנסט. און ווי באלד, אז דער פאטער לאכט ניט פון זיי, פלעגט אמאליע אליין אויך קוקען אויף זיי מיט מעהר אדער ווענינגער אכטונג, כאטש בעפרייען זיך אינגאנצען פון דעם קאמישען געפיהל, וואס מאנכע פון די בעזוכער האבען ביי איהר ארויסגערופען, האט זי ניט געקענט. אז די געסט פלעגען איינער נאכ'ן אנדערען ענדליך אנהויבען צו פערלאזען דאס הויז, און זי איז נאך שלאפען ניט געגאנגען, פלעגט זי זיך ארויפכאפען צום טאטען אויף די קניה און האלב־לאכענדיג, האלב ערנסט, פלעגט זי איהם פארשענדיג, אין די אויגען ארייננקוקען, און פרעגען, אין ענגליש, נאטירליך:

— פא, ווער זיינען זיי דאס?...

— וואס הייסט ווער? פלעגט דר. וואלפזאהן איהר אננעהמען פאר איהר לאנגער, חנ'עוודיגער גאמבעלע — האסט אליין ניט געזעהן? — מענשען, געבילדעטע מענשען...

— סאשעליסטען? פלעגט זי ווידער ווי ניט אהן מורא פרעגען.

דאָקטאָר וואָלפזאָהן פלעגט א שמייכעל טהאָן און ענטפער־רען:

— עס זיינען צווישען זיי אלערליי, „סאָשעליסטען", אנאַרכיסטען, זייאָניסטען, פועלי זייאָנים...

— אין בייזבאָל שפּיעלען זיי אויך?... האקט אמאליע איבער דאָס צעטעל פון די איסטען.

דער טאַטע פלעגט זיך צולאכען און ענטפערען:

— ניין, מיין בייבי, זיי זיינען ניט קיין אמת'ע אמעריקאַנער... צו בייז־באָל זיינען זיי נאָך ניט דערגאַנגען — זיי האַלטען דערפון ניט...

— זיי זיינען פון אייראָפּא?...

— יא, מיין בייבי...

— דו, פּאַ, ביזט אויך פון אייראָפּא? — פרעגט אמאליע איבער נאָך אמאָל, כאָטש זי ווייסט עס שוין לאנג, איהר ווילט זיך אָבער, אז דער פּאַ זאָל עס איהר אמאָל אבלייקענען.

דר. וואָלפזאָהן שטאָלצירט אָבער מיט אייראָפּא און ער שמייכעלט:

— שור, בייבי, איך בין פון אייראָפּא...

און אזוי ווי אמאליע פלעגט נאָך דעם דאָזיגען ודוי פון טאַטען ווערען אביסעל אומעטיג, פלעגט ער זיין געצוואונגען איהר צו טרייסטען:

— איך בין שוין לאנג, לאנג פון אייראָפּא...

די דאָזיגע ערקלערונג האָט דעמאָלט אמאליע'ן גרינגער געמאכט. און א צופריעדענגעשטעלטע פלעגט זי זיך פרעגען וועגען די געסט:

— זיי זיינען שוין אויך לאנג פון אייראָפּא?...

— נאָ, מיין בייבי... פאראנען צווישען זיי אזוינע, וואָס זיינען ערשט א האלב יאָהר פון לאנד... פיינע מענשען!

— זיי זיינען אָבער „פּאָני"... אמת, פּאַ?...

— „פאַני“! פאר וואָס? דו ביזט א נאַר! זיי זיינען גע־לערנטע. אלע געלערנטע און האָבען אידעאַלען.

— פּאַ, וואָס איז דאָס אידעאַלען? — פלעגט אמאליע פרעגען ניט גאַר אָהן שרעק.

— אידעאַלען... אידעאַלען... — פלעגט דר. וואָלפזאָהן אנהויבען שטאמלען און ניט וויסען ווי אזוי דאָס צוועלף־יעה־ריגע טעכטעריל זיינער צו ערקלערען אזא איינפאַך ווארט און ער האָט עס געמוזט אָבלעגען אויף א צווייטען מאָל, אז זי וועט ענדיגען פּאַבליק סקוהל..

---

אָבער, אז זי האָט געענדיגט פּאַבליק סקוהל האָט זי שוין ניט געפרעגט „וואָס איז דאָס אידעאַלען“? ערשטענס האָט זי זיך געלערענט דאן „דרעססינג“. צווייטענס האָט זי זיך פארבע־ריים צו האַי סקוהל און האָט שוין געטרוימט וועגען א לענגע־רער דרעסקע און צו איבערבייטען דעם באַיטשיקעל פון פּאַב־ליק סקוהל אויף א באַי פון האַי סקוהל... אין דערזעלבער צייט האָט זי אָנגעהויבען צו בעמערקען, אז צווישען די געסט וואָס קומען אריין צום טאַטען זיינען דאָ א פּאָר באַיס אויך. מיט איינעם פון זיי האָט זי זיך פעראינטערעסירט, כאָטש ער איז געווען „פאַני“ ווי די איבעריגע, האָט זי דאָך צווישען די פיעל הויכע פראַזען, וואָס ער פלעגט שיטען מיט פייער און עקסטאַז, איינינגע פערשטאַנען און זי פלעגט זיך אמאָל צוזעצען גאַר נאָ־הענט און איינהערען זיך וועגען וואָס די דאָזיגע מענשען רע־דען און פלעגט זיך וואונדערן, פאר וואָס זיי היצען זיך אזוי...

האָט זי איינמאָל געפרעגט דעם פּאַ, וועגען דעם דאָזיגען יונגען מאַן, וועלכער היצט זיך מעהר ווי אלע. דער פּאַ האָט איהם פאָרגעשטעלט האַלב אין ערנסט, האַלב אין שפּאַס. זיין נאָמען האָט זי דייטליך ניט געקענט בענעהמען. עס האָט זיך גע־ענדיגט אויף „סקי“ און אז זי האָט איהם געוואָלט איבערפרעגען, האָט זי זיך געשעמט צו איהם זיך צו ווענדען אָהן א נאָמען.

אזוי זיינען פערגאנגען נאך עטליכע יאהר. אמאליע האט געענדיגט האי־סקוהל, און האט שוין געטראגען קליידער ווי א דערוואקסענע מיידעל. וואס איז אזוינס אידעאלען האט זי שוין געוואוסט אליין, אבער זי האט נאך קיין אידעאל ניט געהאט. געצויגען אבער האט איהר שוין יא צו א וועלכען עס איז אי־דעאל!

— פא, דו האסט דאך אזוי פיעל אידעאלען? האט זי זיך פיעסטשענדיג איין מאל געווענדט צו דר. וואלפזאהן — גיעב מיר עפעס א שטיקעל אידעאל. ס'איז מיר אומעטיג...

דר. וואלפזאהן, וואס האט שוין בעקומען פיעל גרויע האר אין קאפ, און די שלייפען זיינען שוין אינגאנצען זילבערנע געווען — האט א ביטערען שמייכעל געטהאן און געענטפערט:

— איך האב שוין אויך באלד קיין אידעאלען ניט... איך בין שוין דא דרייסיג יאהר אין לאנד, שוין צייט צו פערליערען זיי.

האט זיך אמאליע אנגעהויבען אויפמערקזאמער צוצוהערען צו די שמועסען, וואס קומען פאר אין איהר פאטערס הויז. אמאל האט זיך איהר געוואלט ארייננווארפען א ווארט, אבער אזוי ווי די שמועסען זיינען געפיהרט געווארען אין אידיש, האט זי ניט געוואלט מיט איהר ענגליש ארייננטראגען א דיסאנאנס. זאגען איהר מיינונג אויך אין אידיש, האט זי מורא געהאט מען זאל ניט לאכען פון איהר „אויסשפראכע" און זי האט געשוויגען, מאכענדיג דעם איינדרוק אויף די געסט פון אן אונענטוויקעל־טער אמעריקאנער מיידעל.

---

איין מאל האט דר. וואלפזאהן בעמערקט, ווי אמאליע איז שוין א לאנגע צייט אין ערגעץ ניט געווען. זי האט זיך געלאנג־ווייליגט און זיך געקלאגט אויף קאפ־שמערצען.

— פאר וואס געהסטו ערגעץ ניט, מיין טאכטער? — האט ער איהר געפרעגט מיט אנטייל.

— איך האָב ניט וואוהין — האָט זי געשמייכעלט.

— וואָס הייסט, וואו זיינען דיינע אלע „אמעריקאנער" בעקאנטע? — האָט זיך דער דאָקטאָר געוואונדערט.

— עס איז מיר מיט זיי ניט אינטערעסאנט, פּאַ. — האָט זי ווי פערשעמט זיך ענדליך מודה געווען — נאָך די אלע גע־שפּרעכען, וואָס איך האָב זיך אָנגעהערט פון דיינע געסט, קען איך מיט „מיינע" גאָר ניט רעדען און דאָס וואָס זיי רעדען איז אזוי ווייט פון מיר... פּאַ — האָט זי נאָך א קורצער פּאוזע זיך געווענדעט צו איהם מיט א שמייכעל — האָסט מיך שלעכט ער־צויגען — דיינע בעקאנטע — ווי פרעמד זיי זיינען מיר — האָב איך דאָך עפּעס פון זיי גענאַשט. איגנאָנצען אָבער זיינען זיי ניט לויט מיין געשמאַק. יענע ווידער זיינען פאר מיר צו טעמפּ און ניט ענטוויקעלט. עס איז מיר באמת אומעטיג.

דער פאָטער האָט געשוויגען און געטראַכט ווי אזוי זיין אמאליע'ן פערבינדען נעהענטער מיט זיין געזעלשאַפט.

אין דערזעלבער צייט האָט אמאליע זיך בעקאַנט מיט אַן אמעריקאַנער באָי. האָבענדיג אלע פּריוואַטיטעטן ביי איהרע על־טערען, פלעגט זי איהם מאַנכעס מאָל ברענגען צו זיך א היים. דער פאָטער האָט איהם פאַרגעשטעלט פאר די געסט פון די פער־שידענע „איסטען". מען האָט איהם גענומען אויפ'ן פערהער. עס האָט זיך ארויסגעוויזען אז כאָטש ער איז שוין א פערטיגער אינזשיניר איז ער דאָך אין העכערע פראַגען, א גרויסער עם־הארץ. די אייראָפּעאישע געסט האָבען צוגעשמייכעלט און זיך געוואונדערט, וואָס צו דר. וואָלפזאָהן אין הויז האָבען אָנגע־הויבען צו קומען אזוינע מינים ברואים.

האָט אמאליע איהם אוועקגעלאָזט און אויסגעקליבען א באָי פון איהר טאָטענס געסט און גענומען איהם צו א י ה ר ע בעקאנטע, האָט זי ד אָ ר ט געהאַט פון איהם בזיונות. גע־רעדט האָט ער ניט אנדערש ווי אידיש און פאר דער גאַנצער צייט האָט ער אפשר איין מאָל געזאָגט „עקסקיוז מי!"

איין חבר'טע האט איהר איינגערוימט אין אויער:
— וואו האסטו גענומען דעם דאזיגען „קאיק"?
און אזוי האט זיך אמאליע געווארפען מיט איהרע באיעס, דא איז זי געגאנגען מיט א „היימישען", דא מיט אן אמעריקאנער און פון ביידערליי מינים האט זי געהאט אויסצושטעהן בזיונות: פון דעם היימישען האבען געלאכט די אמעריקאנער און פון דעם אמעריקאנער האבען געלאכט די היימישע.
כאטש בלייב אויפ'ן גאנצען לעבען איינע אליין!...

# די אילוזיע.

א צימער, אדער ריכטיגער געזאגט — א צימערל פלעגט לעווין אימער זוכען מיט א סעפעראטען אריינגאנג, אדער ווי ער פלעגט עס אליין רופען „גאנץ פריוואט". עס האט אבער ניט געהייסען, אז לעווין איז א מיזאנטראפ און האט פיינט מענשען און געזעלשאפט. אדרבא, לעווין האט שטענדיג געבענקט נאך א פאמיליען־לעבען. ווער רעדט קליינע קינדער איז גע־ווען זיין העכסטער אידעאל. אבער וויסענדיג גוט אז די אלע, וועלכע לאזען ארויס א צימער, קוקען אויפ'ן „קווארטיראנט" ווי אויף א פערדעכטיגער און זאנדערבארער פערזענליכקייט, האט דערפאר זיין שטאלץ ניט ערלויבט ביי אזוינע מינים מענ־שען זוכען ווארעמקייט און פאמליאריטעט.

און זיין צימערל, וואס האט זיך שטענדיג געפונען דאס ערשטע ביים אריינגאנג, איז ווירקליך געווען שטיל און איינזאם. זעלטען פלעגט זיך דערטראגען אהין א קלאנג פון „עס־צימער", וואו די פאמיליע, ביי וועלכער ער האט געוואוינט, איז געזעסען און רוישענדיג פערבראכט. מיט א געוויסער פעראכטונג צו זיי און צו זייער גערויש פלעגט ער פעסטער צומאכען די טהיר, אז דער גערויש זאל צו איהם ניט דערגרייכען...

דאס זיינען אנדערע מענשען! פלעגט ער טראכטען און פלעגט זיך פערטיעפען אין א בוך אדער גאר אין זיין אייגענעם „איך" וואס איז געווען נאך א טיעפערער און שווערערער בוך פון אלע ביכער וואס ער האט געלעזען.

פלעגט ער אמאל דארפען אריינגעהן אין עס־צימער וואו דאס געזינד פלעגט זיצען ביים קיילעכדיגען טיש מיט'ן טישטוך

איבערגעדעקט, פלעגט ער פיהלען ווי ער איז צווישען זיי אן איבעריגער. מיט ניט דרייסטע בליקען פלעגט ער זיך ארומקוקען און קוים־קוים בעמערקען די געזיכטער פון די מיטגליעדער פון דער פאמיליע: — פרעמדע, ווייטע און פיינדליכע! און אמאל פלעגט ער זיך פערבענקען נאך זיי און פלעגט בעשליסען: ער וועט זיך אוועקזעצען ביים טיש אויף א שטוהל און ברייט זיך צושמועסען מיט זיי.

אליין בין איך פון ווילנער גובערניע... איך בין שוין דא אין ניו־יארק זיבען מיט א האלב יאהר... ווי הייסט אייער על־טערע טאכטער? און אט די קליינטשינקע?... א שעהן מיידע־לע... ס'איז גאר א באי... איך האב געמיינט א מיידעלע... טאקע א שעהנער באיטשיקעל... יא... א שעהנער באיטשיקעל...

אבער צו וואס? דאס זיינען גאר פרעמדע מענשען, אב־געצאהלט זיי בעפאר פאר'ן מאנאט איז גענוג, מעהר האסטו מיט זיי קיין צוזאמענהאנג, קיין געמיינשאפטליכעס...

און לעווין פלעגט דערפאר זעלטען זיך געפינען אין זיין צימער.

אין קאפע איז שוין געווען פרעהליכער. אויך דארט האט ער ניט מיט אלעמען קיין געמיינזאמעס. יעדער מענש איז פאר איהם א פערמאכטער בוך. אבער, אז מען זיצט ביי איין טישעל און מען שמועסט אפילו וועגען וועלט־פאליטיק און וועגען פרע־סע און וועגען א נייעם מיניסטער און וועגען דעם גורל פון אל־באניען, איז דאך אליץ אינטערעסאנטער און פרעהליכער, ווי דאר־טען אין סעפעראטען צימערעל, וואו עס דאכט זיך, אז די גאנצע וועלט איז אויסגעשטארבען און אפילו די יעניגע וועלכע געפי־נען זיך אט דא הינטער איהם, זיינען פאר איהם אויך אזוי פרעמד און ווייט ווי אן אנדער מין מענשען אויף א ווייטען פלא־נעט...

אין קאפע האָט ער דאָך נעהענטערע בעקאנטע. ביי איינעם נעהמט ע ר א סיגארעטעל, א צווייטער נעהמט ביי איהם. אַט דער יונגער מאן מיט דעם גלאט - געראַ־זירטען געזיכט האָט זיך איהם מודה געווען, אז ער איז אַלט שוין פינף־און־פערציג יאָהר, האָט זיך לעווין איהם צו־ריק מודה געווען, אז ער איז אלט זיבען־און־דרייסיג. צורעדט מען זיך וועגען די יאָהרען נאָך היציגער, ווייזט זיך ארויס, אז דער דריטער ביים טישעל, וועלכער זעהט נאָך אויס א אינגעל איז שוין אויך באלד דריי און פערציג יאָהר.

און אז מען שאצט זיך אויס אלע די יאָהרען, בעשליסט איינער פון דער חברה, אז ביז פערציג איז נאָך „אָל־רייט", אָבער נאָך פערציג איז שוין בארג אראָב און אז מען איז אלט פופציג מעג מען שוין זאָגען גוד־באי.

ווערט לעווין אָפּטימיסטיש און דערצעהלט, אז ביי זיי אין שטעדטעל איז געווען א איד פון ניינציג יאָהר, האָט ער זיך אין מיטען דערינגען מישב געווען און געלאָזט איבערבויען זיין הויז. האָט מען איהם געפרעגט: סטייטש, ר' בעריש? האָט ר' בעריש געשמייכעלט און געענטפערט: איך פיהל מיך נאָך גאָר יונג...

אין דעם דאָזיגען געשפרעך מישט זיך אריין דער איינציגער מאן אין קאפע, וואָס טראָגט א באָרד און ער איז געווים א פאמיליע־מאן. לעווין איז איהם מקנא! ער האָט אודאי א הויז, קינדער... א ווייב...

און לעווינ'ען האָט עס געצויגען צו דעם דאָזיגען אידען מיט דער באָרד.

— און ווי אַלט זיינט איהר, מר. הורוויץ? — האָט ער איהם איינמאָל א פרעג געטהאָן.

און מר. הורוויץ האָט א גלעט געטהאָן די באָרד און מיט א זיפצעלע אָבגעענטפערט:

— איך בין שוין קרוב צו פערציג.

— איז לעווינ'ען אויך דער ענטפער זעהר געפעלען געוואָ־

רען: „קרוב צו פערציג“ — פונקט ווי זיין טאטע אין דער היים האט געענטפערט אמאל, ווען לעווין איז אין דער היים נאך א איינגעל געווען.

— א טאטע פון קינדער איז גאר אנדערע ווערטער! האט לעווין געטראכט און עס האט איהם גענומען ציהען צו דעם דאזיגען אידען מיט דער בארד, מר. הורוויטץ, וואס כאטש ער איז א פאמיליע מאן, קומט ער דאך אזוי אפט צוגעהן אין קאפע און שמועסט מיט די אלע אונפערהייראטע מענער און איז ווי איינער פון זיי.

— א פיינער מענש! א פרייער גייסט! — האט לעווין זיך ווענען איהם אויסגעדריקט.

און איינמאל האט זיך לעווין צו איהם געווענדעט:

— א מאדנע זאך, מר. הורוויץ, איך בין שוין דא אין ניו־יארק זיבען מיט א האלב יאהר און קיינער האט נאך מיך ניט איינגעלאדען צו זיך אהיים טרינקען א גלעזעל טהעע... איך בין ניט אויסען די טהעע, נאטירליך, איך מיין אבער די געמיטליכ־קייט.

— מען איז פעריאגט, מר. לעווין! — האט הורוויטץ ווי אונטער דער נאז געענטפערט.

און א צווייטען מאל ביים זעלבען געשפרעך האט הורוויטץ זיך אנגערופען:

— אויב איהר ווילט, פאחרט צו מיר טרינקען א גלאז טהעע.

לעווין האט זיך אנגעכאפט:

— מיט'ן גרעסטען פערגעניגען, מר. הורוויטץ. איך האלט עס פאר א כבוד און א גליק צוזאמען.

און פאהרענדיג אין דער קאר צו מר. הורוויטץ'ן אויף טהעע, האט לעווינען זיך געמאלט א פרוי אין די מיטעלע יאה־רען, הורוויטץ'עס ווייב, א מיידעל פון א יאהר אכטצעהן, מיט שווארצע אויגען און מיט א חנ'עווידיגען געזיכט — הורוויטצ'עס

טאָכטער און דערצו א פּאָר קליינע קינדער, א באַיטשיקעל מיט א מיידעלע.

און דערמאָהנענדיג זיך אָן די קלענערע קינדער האָט זיך לעווין פּאָרווירפע געמאכט וואָס ער האָט ניט געקויפט קיין קענדי פאר זיי.

אראָבגעהענדיג וועט ער זיכער קויפען קענדי.

— וויפיעל רומס בעוואוינט איהר, מר. הורוויטץ ? — האָט לעווין אין מיטען פאָהרען א פרעג געטהאָן און בעטראכט דער־ווייל הורוויטץ'ס שעהנע באַלעבאַטישע פאמיליענבאָרד...

הורוויץ האָט איהם אָנגעקוקט און א שמייכעל געטהאָן:

— וואָס הייסט וויפיעל רומס ? וואָס דארף איך די סך רומס ? איין מענש אליין...

— וואָס הייסט איינער אליין ? — האָט לעווין זיך גע'חדוש'ט.

— וואָס חדוש'ט איהר זיך... איך בין א סינגעל מאָן און וואוין אין א פּריוואט רום... אָבער צו טהעע האָט עס ניט... איך האָב דוקא א מאשינקע און איך מאך אליין טהעע.

לעווין האָט זיך דערפיהלט, ווי ער ו ו א ל ט אראָבפּאַ־לען פון הימעל אין א טיעפען אבגרונד. ער האָט געקוקט אויף הורוויטץ'עס שווארצע באָרד און גאָר ניט פערשטאַנען. ענדליך איז ער צו זיך געקומען און איבערגעפרעגט:

— איהר, מר. הורוויטץ, זיינט אויך אונפערהייראט ?...

— געוויס, וואָס וואונדערט איהר זיך ?

— אייער באָרד ?... א איד מיט א באָרד... האָט לעווין געשטאמעלט — איך האָב געמיינט אז איהר זיינט א פאמיליע מאַן און ביי אייך אין הויז איז דאָ א ווייב, א טאָכטער און קליינע קינדער... אויב ניט, איז דאָך די קשיא: צי וואָס טראָגט איהר א באָרד ?...

— אך, די באָרד... האָט הורוויץ געשטאמעלט — עס איז פרעהליכער...

לעווין האָט אויף איהם אויסגעשטעלט די אויגען...

— יא, יא, מר. לעווין, — האָט הורוויטץ נאָך ברייטער געשמייכעלט — א באָרד איז פּרעהליכער, עפּעס מוז דאָך א מענש האָבען, נו האָב איך א באָרד... מען פיהלט זיך דאָך ניט אזוי איינזאַם...

לעווינ'ען האָט ווי געשווידערט פון דער דאָזיגער מאָדנער ערקלערונג. אבער זיצענדיג ענדליך ביי הורוויטץ'ן אין צימער־ריל ביי א גלאָז טהעע און בעטראכטענדיג הורוויטץ'ן נאָר אויף דאָס ניי, האָט ער אין הארצען צוגעגעבען, אז הורוויטץ איז גע־רעכט: מיט א באָרד האָט זיין פריינד אויסגעזעהן ווי א פאמי־ליע מאַן, וואָס זיין ווייב און קינדער שלאָפען שוין אין די הינ־טערשטע חדרים, נאָר ער אליין, דער מאַן און פאָטער פון הויז זיצט שפּעטער אביסעל מיט א פריינד און טרינקט טהעע.

און לעווין האָט פאר א לאנגער צייט זיך געפיהלט ווי דער־ווארעמט און איז אין הארצען דאנקבאר געווען זיין פריינד וואָס האָט שכל געהאט צו פערלאָזען זיך א באָרד און שאפען א שטי־קעלע אילוזיע פון א פאמיליען מאַן...

# גלייכהייט.

שוין באלד א יאהר, אז הערר, א הויכער, שלאנקער פיער־און־צוואנציג־יעהריגער ברונעט „געהט אוים“ מיט דער קליינער גראציעזער צוואנציג־יעהריגער איידע. די ליעבע צווישען זיי איז א זיכערע, א פעסטע, שוין פערריגעלט מיט א קליין גאלדען פינף־דאלערדיגען רינגעלע, וואס ער, הערר, האט איהר געשאנקען, און פערבונדען מיט א ניין־און־פערציג־סענטיגען „טאי“ וואס זי, איידע, האט איהם צוריק געקויפט א מתנה. ווענען חתונה האבען טראכט מען נאך נים: סיי איידע, סיי הערר האבען דא נישט קיין עלטערען, וואס זאלען זיי צוזאגען חתונה צו האבען. זיי אליין האלטען, אז חתן־כלה אדער געליעבטער און געליעבטע איז א פיעל שעהנערער נאמען איידער מאן און ווייב. דאסווארט „מאן“ קלינגט נאך ווי־עס־איז, אבער „ווייב“ — דאס דאזיגע ווארט קענען זיי ביידע נישט פערטראגען...

—א מיאוס ווארט: ווייב! — קרימט זיך חן׳עוודיג איידע.

— א גראב ווארט! — איז הערר מסכים פון זיין זייט.

עם איז זיי א סך אנגענעהמער צו טרעפען זיך א פאר מאל אין וואך ביי געוויסע, אבגערעדטע פלעצער. דא ביי אן עלעוויטאר סטיישאן, דא אויף א קארנער ביי א שטילער סטרים. איידע איז קיינמאל נישט פינקטליך. א צעהן מינוט מוז זי פערשפעטינען, אויסער די צעהן מינוט, וועלכע הערר ווייסט שוין זיכער, אז זי וועט פערשפעטיגען. הערר איז שטארק אונגעדולדיג. „א גרויסע עולה!“ — טראכט ער — „וואס זי איז אזוי נישט פינקטליך. ער וועט איהר דורכרעדען...“ אבער אז ער דערזעהט זי געהן, לאזט ער זיך איהר אנטקעגען מיט א פריינדליכען שמייכעלע און נאכדעם ווי זי פרעגט איהם: „דו

וואַרטסט שוין לאַנג, הערדי?" — ענטפערט ער איהר גוט־מוטיג:

— עס שאַדט ניט, איידע.. עס איז אנגענעהם...

אַט די דאַזיגע זיסע ערוואַרטונג ווייסט הערדי זיכער, וועט נאָכדעם ווי זיי וועלען חתונה האָבען — אויפהערען. וואַרטען וועט זי אויף איהם אין א שטוב, וואו עס וועלען שטעהען צוויי בעטען האַרט איינע נעבען די אַנדערע און ווער עס וועט צו זיי אַריינקומען וועט גלייך אַלץ וויסען און וועט מאַדנע פאַר־דעכטיג שמייכלען...

איז דען ניט בעסער, אז ער גנב'עט זיך אַריין צו איהר אין צימערעל, וואו עס געפינט זיך איין קליין שמאָלע בעטעלע, ווייס און פינקעלדיג, און ער האָט ניט קיין העזה אוועקצוזע־צען זיך־צען זיך ביין ברעג אפילו; ביז וואַנען די ליעבע איידע פערזיכערט איהם ניט, אז אדרבא און אדרבא זי וויל ער זאָל זיך דוקא זעצען אויפ'ן בעט, ווייל דער איינציגער „טשער" וואָס די מיסעס האָט איהר אַריינגעשטעלט איז „א קלאָג צו די יאָה־רען..."

אָדער דאָס אַרויסגעהן בגנבה צוריק פון צימערעל שוין מיט איידע'ן צוזאַמען און איידע'ס בעקעלאך פלאַמען פון די קושען זיינע, און דאָס קאַלטע וואַסער מיט וועלכע זי האָט זיי אָבגעוואַשען, מען זאָל ניט דערקענען, האָט ניט געהאָלפען און זי בייזערט זיך בלומרשט:

— מיר ברענען די באַקען ווי פייער, הערדי.

און הערדי פערזיכערט איהר, אז עס דוכט זיך איהר נור, און מאַכט א וויצעלע, אז „אויפ'ן גנב ברענט דאָס היטעל"... איידע צולאַכט זיך מיט איהר קלינגענדען געלעכטעריל. אויף די טרעפּ, אַראָבגעהענדיג, ווערט הערדי ווידער אויף דאָס ניי פערליעבט אין איידען: א שפּאָגעל נייע ליעבע! און אויף די טרעפּ גופא גיט ער איהר ווידער א קוש. מאַכט זיך איידע, אז זי איז שטאַרק אין כעס און מוסרט איהם:

— דו ביזט, הערדי, גאָר ניט פּאָרזיכטיג, מענשען קענען זעהן... — און זי צולאכט זיך פּלוצלונג אזוי, אז מען דארף זיין שטארקער פון אייזען, נישט צו געבען איהר ווידער א קוש. אָבער זיי געפינען זיך שוין אויפ׳ן גאס און מען זעטיגט זיך בלויז מיט דעם שטארקען דריקען זיך אין די אָרעמס און מיט׳ן טוליען זיך איינע צו די אנדערע.

דאָס אַלעס, ווייסען ביידע זיכער, וועט נאָך דעם ווי זיי וועלען חתונה האָבען פערשווינדען. און דאָס גליקליכע פּאָרל וויל דערפאר פון חתונה גאָר ניט טראכטען...

פון דער פּראקטישער זייט לוינט דאָס חתונה האָבען אודאי ניט. הערדי פערדיענט 15 דאָלאר א וואָך — איז ער א „ספּאָרט“. פערמעגט דריי סוטס, איינער איז געמאכט געוואָרען „טו אָרדער“ פאר גאנצע פינף און צוואנציג דאָלאר; איינעם האָט ער גע־קויפט א פארטיגען פאר פופצעהן דאָלאר און איינער איז שוין א צעהנ־דאָלארדיגער סוט, געהט ער אין איהם צו דער ארבייט. וואָס אנבעטרעפט „טאיס“ איז אויסער דעם „טאי“, וואָס איידע האָט איהם געקויפט, פערמעגט ער נאָך זעקס, וועלכע זיינען נאָך שפּאָגעל ניי, און דריי, וואָס מען דארף נור אויספּרעסען, אויסער דעם רויטען, וועלכען ער טראָגט דעם ערשטען מאי און אמאָל ביי א גרויסער דעמאָנסטראַציע פון סטרייקער...

ווער רעדט וועגען קלייניגקייטען, איז דאָך אָבגערעדט... קראגע־ס פערמאָגט ער אודאי ביי א זעקס טוץ. געהט ארויס א נייער סטייל קראגען, קויפט הערדי דער ערשטער א פערטעל טוץ... און אפילו אויבער העמדער, וואָס דאָס איז שוין א מעהר טהייערע זאך, פערמאָגט ער אויך צוויי האלב־זיידענע, און איי־נע אן עכטע זיידענע, געקויפט אויף א סייל... שיך האָט ער צוויי פּאָר: שווארצע אויף ווינטער, געלע אויף זומער, און האלבע־שיך פאר זעהר שעהנע זונענדיגע טעג, ווען ער פּאָהרט זיך דורך אין קוני־איילענד.

אז מען איז „סינגעל“ איז פּופּצעהן דאָלאַר א וואָך א מטבע!
מען קען זיך ערלויבען אפילו גייסטיגע זאכען: אלע טאָג קויפט ער צוויי פּייפּערס — א ראַדיקאַלען וואו עס ווערען בעשפּראָכען זיינע ארבייטער אינטערעסען, און א נאַציאָנאַלען, וואו עס ווערען בעשפּראָכען די אינטערעסען פון זיין טאַטען און מאַמען אין דער היים. זונטאָג קויפט ער א „וואָירלד“ פאר גאַנצע פינף סענט. די שעהנע פּיקטשורס שניידט ער אויס און שענקט עס איידען. פאר זיך אליין שניידט ער בלויז אויס דעם קאָפּ פון דער שעהנסטער אקטריסע און בעהאַלט עס טיעף אין וועסט קעשענע.

בעוויייזען ביי א געלעגענהייט זיינע בעקאַנטע אין שאָפּ אָדער אין רעסטאָראַן ביין לאָנטש...

מיט איין וואָרט: הערדי אלס „סינגעל“, פיהרט זיך ברייט. ער האָט אַלץ, וואָס עס ברויכט א ספּאָרט פון זיין גראַד, און עס בלייבט נאָך איהם גענוג אום ער זאָל קענען „אויסגעהען“ א פּאָר מאָל אין וואָך מיט איידען און ספּענדען א שעהנע פּאָר סענט פאר ריינעם „פּלעזשור“.

דער גרעסטער פערגעניגען זיינער איז, ווען ער זיצט מיט איידע'ן אין א רעסטאָראַן, הייסט דערלאַנגען פון דאָס שעהנסטע און דאָס בעסטע, ביז סטראָבעריס מיט קרים זומער צייט און ביז א בייקט־עפּעל מיט קרים ווינטער־צייט... און בעקומענדיג פון „וועיטער“ די צוויי טשעקס פאר איהם און איהר, מאכט ער א חשבון, בעטראַכט איידע סומען, וועלכע זיינען צוזאַמען קיינ־מאָל ניט מעהר פון פערציג און ניט וועניגער פון פינף־און־צוואַנציג סענט, לאָזט איבער, אלס ספּאָרטס־מאַן, א ניקעל אויפ'ן טיש פאַר'ן וועיטער, און לאָזט איידען געהן אין פּאָר־אויס און שטעלט זיך אָב ביי דער קאַסע. עס הייסט: דו, איידע, געה, צאָהלען — דאָס איז שוין מיינע ביזנעס...

נאָכ'ן צאָהלען פיהלט זיך הערדי שטאָלץ, ווי נאָך זעהר א בעדייטענדע טהאַט.

אויפ'ן נאס ווערט איידע נייגעריג און פרעגט:

— האסט, הערדי, א סך בעצאהלט?

און ער ענטפערט, ווי אוועקמאכענדיג עס:

—א קלייניגקייט...

אבער אין דעם דאזיגען ענטפער קלינגט דער שטאלצער טאן פון מאן, וואס צאהלט פאר דער פרוי...

און איידע לעגט אריין איהר קליין הענטעל אין זיין אויסגעשטרעקטען ארעם און מען לאזט זיך געהן ערגיץ אין א מואווינג־פיקטשור פלאץ...

ער שטעלט זיך אב ביי דער קאסע, בעצאהלט צוויי ניקעלס פאר צוויי טיקעטס, פאר זיך און פאר איהר, און דער „טריט" איז ווידער פארטיג.

אט דער דאזיגער פראצעס פון „טריטען" האט איהם געמאכט שטאלץ און מענליך... כאטש געטהאן האט ער עס לייכט, מיט א געוויסער גראציע...

איידע האט די אלע „טריטמענטס" אנגענומען, ווי א נאטירליכע זאך: געוויס צאהלט דער מאן פאר דער ליידי, אבער מאנכעס מאל פלעגט זי איהם בעמערקען:

— ווייסט הערדי, אפט ווילט זיך מיר צאהלען פאר דיר.

און נאכדעם פלעגט זי זיך צולאכען און זיך אנרופען:

— איך וויל דיר געבען א „טריט"...

פלעגט הערדי ערנסט בעליידיגט ווערען און מאכען א מינע ווי מען וואלט איהם אנגעריהרט דאס סאמע הייליגסטע:

—רעד נישט, איידע, קיין נארישקייטען. פון דיינע זיעבען דאלאר א וואך וועסטו מיר געהן טריטען...

—יא... נאטירליך... — פלעגט איידע שטאמלען פערשעמט — איצט טאקע ניט, אבער שפעטער, ווען איך וועל אנהויבען ארבייטען ביי דרעסעס און וועל פערדיענען פופצעהן דאלאר א וואך...

— דו, פופּצעהן דאָלאַר א וואָך! — פלעגט איהר הערריי אנקוקען ווי מיט חוזק.

— אודאי... דו גלויבסט דען ניט, אז א מיידעל קען בע־דיענען פופּצעהן דאָלאַר א וואָך?

— יאַ.. — פלעגט הערריי מורמלען ווי אונצופריעדען— עס זיינען דאָ אזעלכע אפשר... אבער צו וואָס דארפסטו עס...

און ווען איידע פלעגט זיך צורעדען וועגען איהרע קינפ־טיגע פופּצעהן־דאָלאַר־וויידזשעס, פלעגט הערריי אויסהערען, שאָקלען מיט'ן קאָפּ, שמייכלען און ווי אייפערזיכטיג צו דער דאָזיגער מאנסבילשער סומע, פלעגט ער איהר אָנהויבען מוסר'ן:

— אָט שלאָג זיך ארויס פון קאָפּ די נארישקייט!...

— א שעהנע נארישקייט! — צולאכט זיך איידע — עס וועט זיין די גרעסטע חכמה!

און אריינקוקענדיג הערריי'ן אין די אויגען, פלעגט זי זיך מיט איהם רייצען:

— דעמאָלט וועל א י ך צאָהלען ביי דער קאסע די טשעקס. אך, וועט עס זיין שעהן!..

הערריי פלעגט דאן ניט אויף א געלעכטער בייז ווערען און פלעגט מיט א געצוואונגענעם שמייכעל איהר אָבשטעלען:

— מען וועט שוין זעהן...

---

ענדליך איז איידע'ס ערווארטעטער טאָג געקומען. איהרע א חבר'טע האָט נאָך א לאנג מיהען זיך איהר אריינגענומען אין איהר שאָפּ, וואו מען האָט געארבייט דרעסעס און האָט איהר אויסגעלערענט די ארבייט, ביי וועלכער זי קען פערדיענען די לאנג־געהאָפטע סומע.

א צוויי וואָכען צייט האָט זי עס געהאַלטען פון הערריי'ן בסוד. ערשטענס, האָט זי אין די ערשטע צוויי וואָכען נישט פערדיענט די פולע סומע, אויסארבייטענדיג א קלענערע צאָהל קליידער... די דריטע וואָך אבער האָט זי זיך שוין אין איהר

ארביים פערפאלקאמט און ווען זי האט מאנטאג געעפענט איהר „ענוועלאפ" האט זי דארט איבערגעצעהלט פופצעהן דאלאר...

דעם זעלבען אבענד האט זי זיך געדארפט טרעפען מיט הערריין.

דאס מאל האט זי נישט פערשפעטיגט. העררי איז געווען איבערראשט...

— ביזט געקומען צו דער צייט!

— איך האב דיר אנצוזאגען א שמחה!

— א שמחה! — האט העררי זיך פערוואונדערט — וואס איז מיט דיר היינט די שמחה?

— קום בעסער עפעס עסען, איך בין אזוי הונגעריג.

זי האט איהם אנגענומען אונטער'ן ארעם און זיי האבען זיך געלאזען געהן צו דער ריכטונג פון א בעקאנטען רעסטא־ראנט.

אין וועג האט זי זיך אבגעשטעלט, אריינגעקוקט העררי'ן אין די אויגען און שעלמיש זיך אנגערופען:

— העררי, היינט בעקומסטו פון מיר —א טריט!

העררי האט זיך ווי דערשראקען און קוים מיט א שמייכעלע אבגעענטפערט:

— זיי נישט קיין נאר!

— העררי, איך מיין עס ערנסט — האט איידע זיך צו־היצט — אנדערש וועט עס נישט געהן — היינט צאהל איך פאר'ן סאפער.

זי האט זיך צולאכט...

העררי האט געוואלט עפעס בעמערקען, אבער זי האט איהם איבערגעשלאגען און מיט א שטאמלענדען געזיכט ווידער חן'עוודיג געפלאפעלט:

— און נאכדעם נעהם איך דיך אין טהעאטער, פער־שטעהסט, טאקע אין אן אמת'ן טהעאטער, נישט אין א מוא־

ווינג־פיקטשור, אַ ערנסטע דראַמאַ... ווייסט וואו? — צו פופ־ציג סענט אַ טיקעט... איך וועל צאָהלען...

זי האָט זיך ווידער אָבגעשטעלט און לאַכענדיג, מיט אַ גליקליכער מינע, האָט זי ארויסגענומען פון פּאַקעט־בוך דעם ענוועלאָפּ:

— צעהל! — האָט זי זיך געווענדעט צו הערריען איבער־נעבענדיג איהם דעם ענוועלאָפּ.

הערי האָט מיט ציטערדיגע הענד גענומען דעם ענווע־לאָפּ, אַן עפען געטהאָן און אינווייניג דערזעהען אַ צעהנ־דאָ־לערדיגען און פינף־דאָלארדיגען ביל...

— פופצעהן דאָלאַר! — האָט ער אויסגעשריען מיט שרעק.

— יאַ, איך ארבייט שוין דאָרטען, ביי די דרעסעס... — האָט זי ווידער מיט פרייד געמאָלדען.

הערי איז בייז געוואָרען נישט וויסענדיג אליין פאַר וואָס און האָט אויסגעשריען:

— ביזט אַ נאַריש מיידעל!

— ביזט אליין אַ נאַר! — האָט איידע גוטמוטהיג גע־חוזק׳ט — אבער אַ „טריט“ וועל איך דיר געבען...

הערי איז איהר נאָכגענאנגען, ווי געטראָפען פון אַ גרוי־סען אומגליק. איידע האָט דעם גאַנצען וועג געלאַכט און גע־טריבען שפּאַס. הערי האָט נישט געפונען קיין ריכטיגען וואָרט צו זאָגען, וואָס עס זאָל זיך אריינפּאַסען אין איהר פרעה־ליכער לאַגע. ענדליך האָט ער ארויסגעמורמעלט ווי תמ׳עוואַ־טע:

— ווייסט, אויב אַזוי קענען מיר דאָך שוין חתונה האָבען...

— איצט ווילסטו שוין חתונה האָבען — אַזוי נאַר? — האָט איידע זיך צולאַכט — אַ רייכע כלה געפעלט דיר שוין.. טאָ וואָרט אַקאָרשט, לאָמיר אָנזאַמלען עטליכע הונדערט דאָ־

לאר... און נאכדעם וועל איך ערשט מישב זיין זיך צי עס לוינט מיר...

און אנקוקענדיג איהם, צו זעהן דעם איינדרוק וואס איה־רע ווערטער האבען אויף איהם געמאכט, האט זי זיך צולאכט...

הערדי האט אויך געלאכט. דאס לאכען זיינס איז אבער גע־ווען נישט עכט. אויפ'ן הארצען איז איהם געווען זויער און טריעב...

זיי זיינען אריין אין רעסטאראנט.

איידע האט א לאכענדיגע צוגערופען דעם וועיטער.

— עס איז נישט שעהן! — האט הערדי איהר אריינגע־שושקעט אין אויער. — א ליידי רופט נישט קיין וועיטער, דאס טהוט דער מאן...

— עס שאדט ניט — האט איידע איינגעווענדעט —היינט וועל איך שפיעלען ד י י ן ראלע. איך האב דיר אלע מאל אזוי מקנא געווען. עס פלעגט מיר שטענדיג אזוי געפעלען.. נו, הערדי, וואס געהסטו עפעס נעהמען, אבער עפעס רעכטס, איך צאהל !...

און כאטש הערדי האט עס אנגענומען בלויז פאר א שפיעל פון איהר זייט, האט ער דאך ערנסט געענטפערט:

— איך וועל נעהמען עפעס א קלייניגקייט... איך בין נישט הונגעריג...

— נעהם וואס דו ווילסט ! — האט איידע ברייטהערציג פארגעלעגט.

נאכ'ן עסען האט זי שנעל צוגענומען ביידע טשעקס, וואס דער וועיטער האט זיי דערלאנגט און האט זיי פערקוועטשט אין איהר פויסט...

— גיעב מיר אהער די טשעקס — האט הערדי, כאטש מיט א שמייכעלע, אבער מיט א געוויסע שטרענגקייט, געפאדערט.

— פאַר קיין פאַל ניט! — האָט איידע געהאַלטען זיך פעסט און איהר געזיכט האָט אויסגעדריקט ענטשלאָסענקייט...

און מיט שטאָלצע טריט האָט זי זיך געלאָזט צו דער קאַסע.

אַ לאַכענדיגע האָט זי דערלאַנגט די צוויי טשעקס מיט אַ פינף־דאָלאר־ביל. די קעשירערין, אַ הויכע שלאַנקע ברונעקטע, מיט אַ שעהן פריזירטען קאָפּ, האָט אויף איהר אַ קוק געטהאָן, נאָכדעם אויף הערריַ, און האָט זיך לייכט צושמייכעלט...

— פאַר טו! — האָט איידע אַנגעוויזען אויף הערריַ'ן. און נעהמענדיג מיט אַ שמייכעל דאָס רעשט איז זי מיט שטאָלצע טריט ארויס. הערריַ נאָך איהר...

דרויסען האָט הערריַ נישט געפונען פאַר כעם וואָס צו זאָגען איהר. ענדליך האָט ער ארויסגעוואָרפען אַ פראַזע:

— איידע, דו האָסט געהאַנדעלט מאָדנע... דו האָסט מיך בעליידיגט...

— מיט וואָס? — האָט איידע לאַכענדיג געפרעגט.

— אַט מיט דעם צאָהלען פאַר מיר.

— פאַרוואָס־זשע האָסטו מיר אַזאַ לאַנגע צייט בעליידיגט? — האָט איידע געפרעגט און איז ערנסט געוואָרען.

— איך — דיך בעלעדיגט? — ווען? — האָט הערריַ אויסגעשטעלט די אויגען פערוואונדערט.

— ווען דו האָסט פ א ר מ י ר געצאָהלט... מיינסט, אַז עס איז טאַקע אַזוי אַנגענעהם: אַלע מאָל דו! איך וויל אויך אַמאָל האָבען דאָס פערגעניגען צו צאָהלען... פערגינסטו עס מיר נישט... אַך, איהר ענגאַאיסטלעך! — האָט זי זיך ענד־ליך צולאַכט, — איהר ווילט ניט מיר זאָלען האָבען גלייכע רעכטע מיט אייך...

הערדי האָט דערויף נישט געהאט וואָס צו ענטפערען. ער האָט דאָ געשמייכעלט, דאָ ערנסט געוואָרען. ער האָט אבער גע־פיהלט, אז די דאָזיגע גלייכהייט איז צו ניי און ראדיקאל און, ווי יעדע נייע זאך, האָט עס איהם געשראָקען.

און ער האָט דאָס מאָל איידע׳ן שטארקער און אנדערש ווי שטענדיג געהאלטען אין די אָרעמס, ווי ער וואָלט מורא געהאט זי נישט צו פערלירען...

# אויגען.

אין דעם שטעדטיל, וואו גרשון האָט זיין גאנצע קינדהייט און א שטיק יונגענד פערבראכט, וועלכעס איז ביז גאָר ניט לאנג זיין היים געוועזן, פון וואנען ער איז קיינמאָל ניט ארויסגע־פאָהרען געפינט ער זיך איצט עלענד ווי א שטיין און בייגקט נאָך זיין נייער היים, נאָך אמעריקא... און עס ציהט איהם אהין צום טאַטען, צו דער מאמען, צו די ברידער און שוועסטער, צו די פעטערס און מוהמעס, וועלכע זיינען ביסלעכווייז, איינציג־ווייז, פאַרווייז און חברות'ווייז אריבערגעפאָהרען, אויסהעל־פענדיג איינע די אנדערע מיט שיפסקארטען.

ער נאָר איז געבליבען אליין.

און געבליבען איז ער ניט, ווייל מען האָט איהם פיינט, אָדער אין דער שיפסקאַרטע, וואָס מען האָט געשיקט פאר די גאנצע שטוב, איז זיין נאָמען ניט געווען. אויך פאר איהם איז די שיפסקארטע געוועזן, און ליעב האָט מען איהם גלייך מיט אלע קינדער, אָבער נעהמען איהם גלייך מיט אלע האָט מען ניט געקאָנט. די וואָס האָבען די שיפסקארטע געשיקט האָבען צעהנדליגע מאָל געוואָרענט, אז טאָמער האָט ווער שוואכע אויגען, זאָל ער זיך ניט וואגען צו פאָהרען קיין אמעריקא. „וואָרום אין אמעריקא — האָבען זיי געשריבען — קוקט מען אויף אויגען מעהר ווי אויף א קאָפּ, חאָטש א קאָפּ דארף אויך זיין ריין... אוי־גען אָבער זיינען נאָך ערגער". יענקע גנב", אזוי האָבען זיי גע־שריבען, „האָט האָלט געזונטע אויגען. זעהט־זשע למען השם"...

און דערשראָקענע האָבען די עלטערן זיך גענומען בודק

זיין די קינדערס אויגען און האָבען זיך געכאַפּט, אז דער על־טערער 15־יעהריגער גרשון האָט טאַקי שלעכטע אויגלעך...

— וועה צו מיר, וואָס טהוט מען מיט איהם! — האָט די מאַמע געבראָכען מיט די הענד.

— אפשר מיט בליי־וואַסער זיי וואַשען, — האָט דער טאַטע געראָטען.

— וואָס בליי־וואַסער, וועה איז מיר? — האָט די מוטער געקרעכצט. — מען דאַרף מיט איהם אריינגעהן צום דאָקטאָר.

און דער דאָקטאָר האָט, בעטראַכטענדיג גרשונ׳ס אויגען געפונען, אז ער האָט טראַכאָמע און מען מוז זיי לאַנג היילען.

— לאַנג היילען! — האָט די מוטער פערבראָכען מיט די הענד, — אז די שיפסקאַרטע געהט סך הכל באַלד אוים...

דער דאָקטאָר איז אָבער געבליבען ביי זיינס און האָט מיט א קאַלטקייט פון א גזלן געזאָגט:

— איהר וועט איהם מוזען לאָזען דאָ, מען וועט איהם ניט אריינלאָזען...

גרשון האָט זיך פונאַנדערגעוויינט...

— וויין ניט, וועה איז מיר... האָט די מוטער ניט דער־לאָזט... דו וועסט זיי נאָך מעהר קאַליע מאַכען...

— אודאי טאָר ער ניט וויינען! — האָט דער דאָקטאָר פערזאָגט.

און גרשון האָט צוגעזעהן, ווי זיין טאַטע מאַמע, ברידער און שוועסטער פּאַקען זיך אין וועג אריין, און ער וועט בלייבען אליין, איינער אליין, און האָט ניט געטאָרט וויינען.

און אז אלע זיינען אוועקגעפאָהרען און איהם האָט מען איבערגעלאָזען ביי א ווייטער קרובה, וועלכע האָט אויף גע־וואַרט אויף א שיפס־קאַרטע און האָט איהם געדאַרפט מיטנעה־מען, ווען די אויגען וועלען זיך אויסהיילען, ערשט דאַן האָ־בען איהם די טרעהרען געוואָרגען. געשטיקט, נאָר געוויינט האָט

ער ניט. און שטיקענדיג אזוי די טרעהרען, פלעגט ער אנהויבען זידלען אמעריקא.

— א בייז לאנד! א שלעכט לאנד! וואס איז דארטען זייער דאנה, אז איך האב שלעכטע אויגען! זיי טהוט דען וועה? מיר טהוט דאך וועה, ניט זיי.

און באלד פלעגט ער חרטה האבען:

— אז עס איז גאר א ליגען, אז מיר טהוט גאר ניט וועה... איך האב געזונדע אויגען... איך זעה די קלענסטע ווערטער אין סדור'ל...

און דאמאלס האט זיך איהם פערוואלט אויפהויבען אי־בער די דעכער און א פליה טהאן אזש קיין אמעריקא, און ווייזען זיי דארט אלעמען זיינע אויגען, ווי אזוי ער זעהט גוט.

„מען לאזט ניט אריין"! דערמאהנט ער זיך פלוצלונג...

און ער ווערט מלא רציחה, ווי אמאל אויפ'ן שמש, וואס פלעגט איהם ניט ארייןלאזען אין שוהל, ווען דער חזן פלעגט דאוונען.

שילטען וואלט ער זי וועלען... נאר ווי אזוי קאן ער זי שילטען, אז דארטען זיינען זיינע עלטערן, זיינע ברידער און שוועסטער, פעטערס און מוהמעס?...

ניין, ער וועט אמעריקא ניט שילטען... די בעסטע זאך וואלט געוועזן וויינען, וויינען... נאר וויינען טאר מען ניט...

אבער, אז עס איז אנגעקומען דער ערשטער בריעף פון „דער נייער היים" און ער האט נאר איבערגעלייענט די ערשטע ווערטער: „מיין ליעבער זוהן", האט ער זיך ניט געקאנט איינ־האלטען. א שטראם טרעהרען האבען זיך פון איהם א גאס גע־טהאן און יעדער טרעהר האט זיך איהם געדאכט מאכט איהם אלץ ווייטער, ווייטער פון אמעריקא, פון זיין היים...

און דערויף האט ער זיך ערשט פונאנדערגעוויינט...

# ראטשילד און ראקאפעלער.

פון שיף האָט ברוך'ן אראָבגענומען זיין שוואָגער ביינוש, א יונגער־מאַן פון א יאָהר 35, וועלכער איז שוין פינף יאָהר אין „לאנד". דערזעהענדיג איהם מיט די קורץ־געשוירענע וואָנסען און מיט דעם גלאָט געראזירטען פנים, האָט ברוך גלייך דרך ארץ פאר איהם בעקומען און אנשטאָט, וואָס אין דערהיים איז ער, ברוך, געווען דער י ח ס ן און ער פלעגט ביינוש'ן זאָגען דו און ביינוש איהם — איהר — האָט ער ביים בעגעגעניש גלייך איהם גענומען איהרצען, און צו זיין גרויס פערוואונדערונג האָט איהם ביינוש דוקא געזאָגט דו, דעמאָלט האָט ברוך דער־פיהלט, וואָס הייסט א ג ר און האָט זיך שוין מכין געווען אויף א סך ערנידערונגען.

אויף מאָרגען האָט ביינוש, קומענדיג פון דער ארבייט, און זעצענדיג זיך גלייך ביי דער וועטשערע, וואָס די בעל־הבית'טע וואו ער איז א שכן געווען, האָט איהם צוגעטראָגען, זיך גע־ווענדעט צום גרינעם:

— נו, ווי געפעלט דיר, ברוך, אונזער אמעריקא?

ברוך איז נאָך געווען שטארק מיעד פון וועג, געראכט האָט זיך איהם נאָך אלץ, אז ער איז אויפ'ן שיף און אלץ שאָקעלט זיך נאָך... אין דרויסען איז ער סך־הכל א האלבע שעה געווען— אי דאָס בלויז נעבען הויז. אויסער קליינע קינדער, גרויסע „עזות־פנימער" פאָהרענדיג אויף „רעדלעך" האָט ער נאָך גאָר נישט געזעהן. אבער אז דער שוואָגער פרעגט, דארף מען ענטפערן עדעל:

— א וואוילע מדינה...

— א וואוילע מדינה! האט ביינוש שפּאָטיש איבערגע־חזר׳ט. א, דו גרינער, האסט דען א בעגריף, וואס אמעריקא איז.

ער איז אנטשוויגען געוואָרען. האט ארויסגענומען פון טאש א באנאנע און קוקענדיג שטאָלץ אויף ברוך׳ן האט ער געפרעגט:

— וואס דאס איז ווייסטו?

ברוך האט זיך נכנע׳דיג צוגעבויגען, בעטראכט די ווילדע פרי און ווי א פערשולדיגטער מיט א מאָגערען שמייכעלע גע־ענטפערט:

— לאָם איך אזוי וויסען פון בייז...

— אודאי, ווי קומען גרינע צו וויסען פון אזוינע זא־כען, — האט ביינוש געלאכט מיט גאוה — ביי אייך אין איי־ראָפּא ווייסט מען נאָר פון בולבע...

— בולבע איז איצט אויך ביי אונז זעהר טייער געוואָ־רען — האט ברוך מיט א זיפץ איבערגעריסען...

— און וואס איז ביי אייך ניט טייער? — האט ביינוש גע׳חוזק׳ט... אזא באנאנע אויב מען קריגט שוין ביי אייך, מוז אודאי קאָסטען א פערציגער און ווייסט וויפיעל קאָסט זי דאָ? טרעף!

— אודאי נישט מעהר ווי פינף סענט... האט ברוך שוואך אויסגערופען, ציטערנדיג צי איז ער חלילה ניט ארייננעפאלען מיט׳ן מקח.

און טאקי ארייננעפאלען! ביינוש האט אויף איהם זיגע־ריש אויסגעשטעלט די אויגען און זיך פונאנדערגעלאכט שטאָלץ, געזונד און זיכער:

— א גרינער איז א גרינער! מענש דו! פאר פינף סענט קריגסטו צעהן אזעלכע!

— צעהן שטיק! — האט ברוך זיך בעגייסטערט פון דעם

זול — טע! טע! טע! — האָט ער געמאכט מיט די ליפּען. אַט דאָס הייסט א זול.

בלייבענדיג צופריעדען וואָס דער גרינער איז דאָך א שטיקעל מבין אויף זיין אמעריקא, האָט ביינוש גוטמוטהיג איהם פאַרגעלעגט די באַנאַנע.

— נאַ, פּערזוך, וועסט זיך אויסגרינגען.

ברוך האָט גענומען די פרוכט מיט ציטערדיגע הענד און ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן.

— אהאַ, איך האָב גאָר פערגעסען, אז דו ביזט א גרינער, ווייז, איך וועל דיר אָבשיילען...

— אזוי גאָר... דאָס שיילט זיך, הייסט עס... האָט ברוך זיך געמאכט חדוש'ן.

— אודאי שיילט זיך עס... האָט ביינוש דערקלערט און קונציג ארונטערגענומען פון דער באנאנע די גראָבע הויט.

— ס'איז הייסט עס, אינוועניג גאָר ווייס... האָט ברוך ווייערער אויסגעדריקט זיין התפעלות...

— עס בעסער, וועסטו זעהן וואָס הייסט גוט... האָט ביינוש ווי בעפוילען, ווי מען בעפעהלט א קינד.

ברוך האָט פאַרזיכטיג אָבגעביסען דעם שפּיץ, גענעבען א קיי און זיך מיט שארפער מבינות צוגעהערט צום טעם... ביינוש האָט אויף איהם געקוקט און געוואַרט אויף מבינות. „מען מוז לויבען!“ האָט ברוך בעשלאָסען, חאָטש געוואָלט האָט ער דעם ביסען צוריק אויסשפּייען. פאַר איהם איז עס צו זיס געווען:

— נו?

— עס צוגעהט פּשוט אין מויל... אַט דאָס הייסט פרוכט! האָט ער אויסגערופען מיט התפעלות...

און ביינוש איז מיט'ן שוואָגער פון ערשטען עקזאמען געבליבען צופריעדען.

אויף מארגנען האט ברוך אויסגעהאלטען אויף דעם עקזא־מען פון די „טומייטעס", ביי וועלכע ער האט זיך פון דעם ווילדען טעם פערקרימט, האט אבער שטארק געלויבט און גע־זאגט, אז ביי „זיי" וואלט מען עס צוצוקערט...

ביינוש איז געבליעבען מיט זיין גרינעם ווידער צופריע־דען. האט איהם צוגעזאגט אין גיכען געפינען א שאפ, וואו ער וועט צונעהען הענגערס צו מיידעלשע בלוזקעס... און ער וועט מאכען א לעבען...

דארף אבער אין א פאר טעג ארום ביינוש מאכען א שמועס וועגען אמעריקאנער מיליאנערן און דא הויבט זיך אן ברוך'ס אומגליק.

אנגעפאנגען האט ביינוש איהם צו ערקלעהרען, אז אמע־ריקא פערמאגט 400 מיליאנערען, אזוי הייסען זיי טאקי — „די פיער הונדערט!" נאר דער גרעסטער פון זיי איז ראקעפעלער...

— ווער איז דער ראקעפעלער?

— ראקעפעלער, האט ביינוש ערקלערט, איז דער גרעס־טער מיליאנער פון דער גאנצער וועלט.

דא האט זיך ברוך דערמאהנט אן ראטשילד'ן. ראטשילד איז ברוך'ן געווען איינגעבאקען טיעף אין הארצען: ערשטענס, א איד און צווייטענס, טאקי ראטשילד. און דערהערענדיג, אז ראקעפעלער איז גאר דער גרעסטער מיליאנער, האט איהם עפעס א ריהר געטהאן ביים הארץ און זעהר פארזיכטיג האט ער בעמערקט:

— און ראטשילד...

— עט, ביזט א שוטה, האט ביינוש זיך אנגעכאפט... ביי אייך אין אייראפא איז ראטשילד א שיסער, דא ווייסט מען אפילו ניט פון איהם... ראטשילד פערמאגט ניט אפילו ראקע־פעלער'ס מיסט...

ברוך האט ביטער א שמייכעל געטהאן און בעשלאסען, אז אונטערגעבען זיך דארף מען ניט אזוי גיך. באנאנעס און טי־

מייטעס קאַנען טאַקי גוט זיין, ער איז אַ גרינגער און קריעגען זיך דערפאר מיט זיין שוואַגער וועט ער ניט. אבער עס האַט דאַך אלץ א גרענעץ!... און ער האָט איידעל בעמערקט:

— מיר דאכט זיך ביינוש, אז איהר האַט א טעות... איך, למשל, האַב פון ראקעפעלער קיינמאָל ניט געהערט. פון ראַט־שילד'ן אָבער ווייס א קינד אין וויעג... א קלייניגקייט — ראַט־שילד...

— נו, — האַט ביינוש א שטאַך געטהאַן — וואָס זשע ביזטו ניט געפאַהרען קיין פאריזש צו ראַטשילדען?

— חע־חע־חע! — וואַס האַב איך מיט איהם פאר א נע־שעפטען — האָט ברוך מוטהלאַז געלאכט — נאַר איך מיין, אז מען רעדט, רעדט מען: ס'הייסט, ווער ווייס דאָס ניט אז ראַט־שילד איז דער גרעסטער מיליאַנער!

— ביזט א גרינגער — האַט ביינוש גע'טענה'ט — מען זאָגט דיר, אז ראקעפעלער איז דער גרעסטער מיליאַנער, קומסטו מיט דיין ראַטשילדען...

— מיינער, וואָס הייסט מיינער — האַט ברוך זיך גע־האַלטען פעסט — ער איז מיינער, ווי דיי... ווי דיי... ווי איי־ערער... עס רעדט זיך נאַר, ראטשילד ווייסט יעדער איז דער גרעסטער מיליאַנער...

— אויב אזוי, לאָמיר בעסער וועגען דעם ניט רעדען — האַט ביינוש טרוקען ארויסגערעדט, זיך אויפגעשטעלט און שטום פעררויכערט א דריי־סענטיגען סיגאַר...

ברוך האַט געפיהלט, אז דער שוואַגער איז בייז אויף איהם, נאַר קיין חרטה האַט ער דאַך ניט געהאַט.

— ס'איז דאַך נארישקייט! — האָט ער פאַר זיך גע־טראַכט — עס האַט דאַך אלץ א גרענעץ!

# זיין רייזע קיין אמעריקא.

נאָך דעם ווי מיין חבר היימאַן איז אבגעוועזען פינף יאָהר אין ניו יאָרק און האָט איבערגעארבייט ביי פערשיעדענע „טריידס" — פון א קעסטעל־מאכער ביז א פייפער־הענגער, פון א פייפער־הענגער ביז א „האַנד" אין א רעדאַקציע, — האָט איהם אָנגעהויבען ציהען אין דער וועלט אריין.

— איך קען דאָ מעהר ניט זיין, — איך ווער דערשטיקט! האָט ער זיך פאר מיר געקלאָגט און האָט צושפרייט די הענד ווי ער וואָלט וועלען פליהען.

— וואוהין ווילסטו — צוריק אין איראָפּא? — האָב איך איהם אבגעהאקט די פלינלען.

— ניין, — האָט ער אויסגעזיפצט, — איך וויל אין אמע־ריקא!

און זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט א מאָדנעם פייער, — אין אמעריקא וויל איך פאָהרען!

— ביזט משוגע! — האָב איך זיך דערשראָקען, — דו ביזט דאָך אין אמעריקא, — ניו יאָרק איז דאָך די הויפּט שטאָדט...

— ניין, ברודער, האָט ער אויסגעקרעכצט, — ניו יאָרק איז נישט אמעריקא, ניו יאָרק אין בריסק, קאָוונאָ, בערדי־טשעוו, לעמבערג, יעהופעץ, וואָס דו ווילסט אליין — איך אָבער וויל פאָהרען אין אמעריקא. אז איך בין נאָך געוועזען א קינד האָב איך שוין געטרוימט פון אמעריקא.

— וואו זשע איז אמעריקא? — האָב איך איהם גע־פרעגט, שטאַרק בעאונרוהיגט וועגען זיין גייסטיגען צושטאַנד...

— חאטש קאליפארניא... — האט ער אויסגעברומט, און זיין געזיכט האט זיך בעשטראהלט. — חאטש קאליפארניע, ברודער! דארטען הויבט זיך ערשט אן. חאטש די אמת'ע אמע־ריקא איז בראזיליען.

— זאג שוין באלד — יאפאן! — האב איך גע'חוזק'ט.

— יאפאן נישט! — האט ער נישט נאכגעגעבען, — חאטש צוריק געשמועסט, מעהר אמעריקא ווי ניו יארק איז עס זיכער. איך אבער וויל אין דער אמת'ער אמעריקא — אין קא־ליפארניע...

און מיין חבר האט זיך גענומען גרייטען אין אמעריקא, אין קאליפארניע הייסט עס.

איז אן אומגליק אבער — מיין חבר היימאן האט בשום אופן נישט געקענט אבשפארען די גרויסע סומע געלד וואס די רייזע נאך קאליפארניע האט געפאדערט...

עס איז אריבער צוויי יאהר און מיין בחור קרעכצט וויע־דער, שפרייט די הענד, ווי פליגלען, און בעט זיך:

— גוואלד, איך וויל פאהרען קיין אמעריקא! — און ער לאזט שוין אראפ פון קאליפארניע אויף שיקאגא.

— קיין שיקאגא אבער מוז איך פאהרען!

געווים איז קיין שיקאגא די רייזע ביליגער — אכטצעהן דאלאר — און מיין חבר קען דארטען זיין! אבער די צייטען זיי־נען ביי מיין חבר ערגער געווארען: „סלעק“, פוילקייט און אנ־דערע אומשטענדען.

ניין, אזוי ווייט — אין שיקאגא — קען ער זיך ניט אונ־טערנעהמען.

און עס געהט אוועק נאך א יאהר. מיין חבר היימאן בעט זיך:

— ברודער, גיעב אן עצה, — ווי ווערט מען פטור פון ניו־יארק, און ווי אזוי פעקעלט מען זיך פארט איבער ערגיץ אין א שטיקעל אמעריקא.

איך נעהם אנטהייל אין זיין לאנגע באמת, וויל איהם אויסהעלפען מיט אן עצה, און מיר נעהמען דעם קורס־בוך פון די רייזען, זוכען שטעדט אין אמעריקא, און געפינען אויס אז אין דעטראָיט קאָסט ביי א דרייצעהן דאָלאר. מיין חבר גיעט א פאטש אין רייזע בוך אויף דעטראָיט און צוזינגט זיך:

— יאָ, איך פאָהר קיין דעטראָיט! — און ער ציהט אויס די הענד — ער פליהט שוין, הייסט עס!

אָבער באלד גלעט ער דעם שטערען, זוכט אין די טאַשען און געפינט ענדליך אויס, אז דרייצעהן דאָלאר איז טאקי נישט קיין געלד, אבער ער פערמאָגט עס דערווייל ניט...

ער וועט מוזען, הייסט עס, ווידער נעהמען זיך צו זאמלען, שפאָרען נאָך א פאָר מאָנאַט...

די פאָר מאָנאַט זיינען אריבער. איך בעגעגען מיין חבר היימאָן א פערביינקטען: — נו? — פרעג איך איהם.

ער האָט ערשט זיעבען דאָלאר, און מיט צושפרייטע הענד קלאָגט ער:

— מעהר ווי 7 דאָלאר האָב איך ניט געקענט אָבשפּאָרען. איך געה דאָ אויס, אין ניו יאָרק, ווי א ליכט... איך וויל אין אמעריקא!

— פאָהר אין באָסטאָן, — ראָט איך איהם, — באָסטאָן איז אן עכט אמעריקאנער שטאָדט, דאָרט ערשיינט אפילו א אידישע צייטונג, אבער קיינער וויים פון איהר ניט, מען זעהט זי נישט אָן... יאָ, ברודער, פאר זיעבען דאָלאר קענסטו פאָה־רען קיין באָסטאָן...

מיין חבר איז צופריעדען. געווים איז באָסטאָן אמערי־קא. פון דער איינציגער אידישער צייטונג דאָרטען לאכט ער. ער וועט זי זיכער נישט אָנקוקען, און טאָמער קומט אהין איינער א ניו יאָרקער לעקטשורען, וועט ער זיך מאכען באילו לא ידע— ער וואָהנט אין אמעריקא, און אוים לעקטשורס פון גרינהאָרנס!

מען קען איהם דאָרט גאָר נישט טהאָן — ער וועט זיין אין אמעריקא.

אַבער ביז ער האָט זיך צוגעגרייט איז פון די זיעבען דאָלאר געוואָרען דריי מיט א האלב; האָט ער פאר א דאָלאר גע־מוזט אויסלייזען די וועש, ווארום ווי נעהמט מען אונטער אזא רייזע אָהן וועש?

— ברודער! — האָט ער פאר מיר ווידער געקלאָגט,— אוים מיט באָסטאָן — איך האָב פּונקט צוויי און א האלב דאָ־לאר... איך מוז אבער פאָהרען ערגעץ קיין אמעריקא. דאָ וועל איך קראנק ווערען, שטארבען און בעגראָבען ווערען ערגעץ ביי מיינע לאנדסלייט אויף דער סעמעטערי און וועל קיינמאָל אמעריקא נישט אָנזעהן.

— אויב דו האָסט נאָך באמת צוויי און א האלב דאָלאר— האָב איך איהם געטרייסט, איז נאָך דער אונגליק ניט אזוי גרויס, — פאר אזא סומע קענסטו פאָהרען אין פילאדעלפיא. דאָרטען איז אויך אפילו דאָ א אידישע צייטונג, און צום אונגליק, א טעגליכע. אבער — אויף די אייגענע מעשה ווי אין באָסטאָן — קיינער וויים פון איהר נישט — דערפאר אָבער פערמעגט פילאדעלפיא יענעם גלאָק, וואָס האָט אויסגע־קלונגען פרייהייט פאר אמעריקא — איך מיין, אז דערפאר אליין מוזטו פאָהרען קיין פילאדעלפיא.

מיין חבר היימאן האָט זיך מאָדנע דערפרעהט, גענומען צעהלען זיין קאפּיטאל, ערשט ער כאפּט זיך: ער פערמאגט בלויז א דאָלאר מיט א האלבען...

און א דאנק מיין עצה בעשטימט ער צו פאָהרען קיין פּע־טערסאָן... ס'איז דאָך נעהנטער צו קאליפאָרניע, און עס וועט נאָך איהם בלייבען ביי א דאָלאר אויף די ערשטע טעג לעבען.

און ער האָט זיך ענדליך געלאָזט אין וויטען וועג אריין— קיין פּעטערסאָן.

אָבער, ווי עס האָט זיך אויסגעלאָזט איז ער אויך אין פּע־

טערסאָן נישט געפֿאָהרען. בעגעגענט האָב איך איהם אין א פּאָר מאָנאַט ארום שפּאַצירען אויף פּיטקין עוועניו אין בראָנזוויל.

— ביזט גאָר נישט געפֿאָהרען קיין פּעטערסאָן? — האָב איך זיך פֿער׳חדוש׳ט.

— ניין, ברודער, איך האָב נישט געקענט... עס האָט זיך אונטערגערוקט שוין פֿאַר׳ן פֿאָהרען א זייטיגע הוצאה און איך בין געבליבען ביי א האַלבען דאָלאַר. פֿאַר גרוים בענקשאַפֿט בין איך אנטלאָפֿען קיין בראָנזוויל.

און דערביי האָט ער אויף מיר א וואָרף געטהאָן א האָפֿ־נונגסלאָזען בליק, ווי געזאָגט: שווער, ברודער, צו דערגרייכען אמעריקא, ווען דו פֿאַלסט אריין אין ניו יאָרק...

# דעם ברודער׳ס טשעק.

מיסטער גאָלדבערג, א מאן פון א יאָהר עטליכע און דרייסיג, מיט א לאנגליך מאָגערען געזיכט, מיט א שטרענג־פערזאָרגטען אויסדרוק, איז געזעסען אין זיין אָפיס ביים שרייב־טיש און דורכגעקוקט די פריהמאָרגענדיגע פּאָסט. לייענען איז אין די בריעף ניט געווען קיין סך. עטליכע ווערטער, דייטליך געשריבען, ווי עס קען נאָר שרייבען א שרייב־מאשין (קיין האנד־געשריבענע בריעף האָט ער ניט בעקומען!), האָבען איהם שוין קלאָר געמאכט מיט דעם ענין. די בריעף זיינען געווען ניט נאָר געשריבען מיט א מאשין, נאָר אויך ווי מיט א מאשין געטראכט — און גאָלדבערג, פון דער נאַטור א ראָמאַנטיש געשטימטער מענש, האָט ביי די דאָזיגע בריעף זיך געפיהלט, ווי ער וואָלט געגאנגען אויף א גלאַטער שאסע, וואו ביי די זייטען פון וועג איז ניטאָ קיין בוימעל און קיין בלימעל און קיין גרעזעלע, און מאנכמאָל פלעגט ער האָבען ביים לעזען די דאָזיגע בריעף געפיהלט, ווי עס דאַרשט איהם...

שווערער איז איהם געווען אויף די דאָזיגע בריעף צו ענטפערען, דאָס הייסט צו דיקטירען דער „טייפּרייטעריין“, וועלכע ער האָט געהאַלטען אין זיין אָפיס. די ווערטער האָט ער ארויס־געלאָזט פון מויל מעכאניש, דאָס מיידעל פלעגט עס סטענאָגראפירען אויף א שטיקעל פּאפּיר און נאָכדעם נעהמען עס קלאפּען אויפ׳ן מאשין „טאַק־טאַק־טאַק־טאַק!“ גאָלדבערג פלעגט נאָר מיט דער פעדער מוזען אונטערשרייבען זיין נאָמען. אבער די אונטערשריפט איז אויך ארויסגעקומען ווי מאשינאל. איין אונטערשריפט האָט זיך ניט אונטערשיידט פון דער צווייטער.

זיין ערשטער און צווייטער נאָמען הערדי גאָלדבערג האָט שטענ־דיג פערנומען איין לענג, איין ברייט און די אותיות תמיד שפּי־ציגליך און ווי בייזליך. דער לעצטער שטריך פערקרימט ווי א העקעלע...

מאנכמאָל פלעגט ער אליין בעוואונדערען, וואָס זיין אונ־טערשריפט געהט ביי איהם אזוי איינארטיג. אז ער איז געוועזן א איינגעל, גערענקט ער, פלעגט ער יעדעס מאָל זיך אנדערש אונטערשרייבען. נאָך די דאָזיגע פערשידענארטיגע אונטער־שריפטען האָט ער מאנכמאָל ווי פערבענקט זיך. אבער א וויכ־טיגערע ביזנעס־אידעע פלעגט איהם פון דעם דאָזיגען סענטי־מענטאלען צושטאנד אבּרייסען און ער האָט זיך ווידער פער־וואנדעלט אין א געשעפטס־מענשען, מיט געוויסע פליכטען, גע־זעצען און כללים...

אין אָפּים איז אריין א מאן.

גאָלדבערג האָט איהם געשעפטליך געענטפערט אויף זיין העללאָ, אנגעוויזען א שטוהל און זיך מיט איהם גענומען חשבונ'ען.

נאָכ'ן אויס'חשבונ'ען זיך האָט גאָלדבערג איהם אנגע־שריבען א טשעק, אונטערגעשריבען זיין נאָמען, איהם אבגעגע־בען און געווארט, אז יענער זאָל זיך אבטראָגען.

דער מאן אבער, אריינלעגענדיג דעם טשעק אין טאש איז נאָך געבליבען זיצען און ענדערענדיג די ביז־אהעריגע מינע פ'ון זיין פנים אין א פריינדליכערער, האָט ער זיך אָנגערופען מיט א ליעבען שמייכעלע:

— איהר ווייסט, מר. גאָלדבערג, איך האָב צו אייך א גרוס...

— פון וועמען ? — האָט גאָלדבערג געפרעגט, מיינענדיג אז יענער האָט עפּעס צו דערצעהלען פון א געשעפטס־מאן.

— פון אייערען א ברודער...

— א ברודער ! — האָט זיך גאָלדבערג שוין אנגעבאָטמ

מיט מעהר טעמפּעראַמענט. — איך האָב דאָ בלויז איין ברו־דער...

— נו, איז דאָס פון דעם ברודער. מיר וואַוינען גראַד אין איין הויז... אַ גאַנץ וואוילער מענשעל... ניט רייך... עפּעס אַ קינד איז ביי איהם ניט געזונד...

גאָלדבערג איז רויט און בלאַס געוואָרען, האָט אָנפאַנגס זיך פערלאָרען און ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען און ווי אזוי צו האַלטען זיך ביי דעם דאָזיגען פאַל... באַלד אָבער האָט זיך זיין געשעפטליך פערזאָרגט געזיכט אויסגעגלויטערט, זיינע גראָהע אויגען האָבען ווי פון זיך אַליין זיך אויסגעווישט און ער האָט געמורמעלט:

— אזוי, פון מיין ברודער... יאָ.. איך דאַנק אייך... איז ביי איהם אַ קינד נעביך קראַנק?... אוי וועה! אַ שאָד!...

און די אַלע ווערטער, וואָס גאָלדבערג האָט איצט ארויס־געשאָסען פון מויל אָהן אַ אָרדענונג, נישט געשעפטליך איבער־געטראַכט, האָבען דאָ אין אַפּים אזוי מאָדנע געקלונגען, אז סיי גאָלדבערג, סיי די טייפּרייטערין און דער מאַן, וואָס איז דאָ געזעסען האָבען זיך אומגעקוקט ווי פער'חידוש'ט...

גאָלדבערג האָט זיך אזש פערשעמט און ווען דער מאַן איז ארויס האָט ער זיך געפיהלט ערלייכטערט...

---

אבער דאָס געזיכט פון זיין ברודער האָט זיך געטראָגען פאַר גאָלדבערג'ס אויגען אויך נאָכ'ן מאַנ'ס ארויסגאַנג... און דער דאָזיגער ברודער, וועלכען ער האָט שוין אַ לאַנגע צייט, צוליעב דעם וואָס ער איז שטענדיג פערנומען, ניט געזעהען, האָט פול געמאַכט דעם גאַנצען אָפּיס... וואו ער האָט זיך געקעהרט האָט ער געזעהען זיין ברודער, וועלכען ער האָט אַלע מאָל אזוי ליעב געהאַט און וועלכען ער האָט צוליעב טרוקענע געשעפ־טען אזוי פערגעסען און אזוי לאַנג ניט בעזוכט...

ער האָט געוואָלט שוין טאַקע אריבער געהן צו איהם, גע־וואַהר ווערען דאָס קראַנקע קינד... אָבער היינט האָט ער נאָך אזוינע וויכטיגע געשעפטען צו פערזאָרגען... מאָרגען? ניין, מאָרגען וועט ער אויך ניט קענען... ער וועט א גאַנצע וואָך ניט קענען געהן צו איהם...

— איך וועל איהם דערווייל שרייבען א בריעף און שיקען א טשעק... האָט ער בעשלאָסען און ער האָט פאַר אויפרעגונג עס הויך ארויסגערעדט:

— מען דאַרף איהם שרייבען א בריעף!...

די טייפּרייטערין דערהערענדיג „א בריעף" האָט זיך שוין אָנגעגרייט מיט א שטיקעל פּאַפּיער און געקוקט דאָ אויף גאָלד־בערג'ן און דאָ אויף דער שרייב־מאַשין...

—ניין... — האָט גאָלדבערג ווי פערשעמט געשטאַמעלט— דאָס איז גאַר אַן אַנדער בריעף... דעם מוז איך אַליין מיט דער האַנד שרייבען...

און ווערענדיג זעהר דערוואַרימט האָט ער צוגעגעבען מיט א שמייכעל:

— דאָס איז צו א ברודער...

די טייפּרייטערין האָט אויף גאָלדבערג'ן א קוק געטהאָן, ווי זי וואָלט אָנפאַנגס ניט פערשטאַנען, אבער באַלד האָט זי ווי בענעהמענדיג עס, פריינדליך געשמייכעלט און ווי צוגעגעבען:

— אַך, צו א ברודער... דאָס איז פיין!...

און אין אָפּיס האָט עפּעס א וועה געטהאָן מיט ברודער־שאַפט...

די שרייב־מאַשין איז ווי א פערשעמטע געשטאַנען אויפ'ן שרייב־טיש און געוואַרט, געוואַרט אויף עפּעס און האָט זיך ניט דערוואַרט...

דעם בריעף צום ברודער האָט גאָלדבערג געשריבען מיט דער אייגענער האַנד... די אותיות, פולע און רונדע, ווי אַמאָ־ליגע, ווען ער פלעגט אינגעלווייז שרייבען, האָבען זיך געגאָסען

אויפ׳ן ווייסען גלאטען פאפיר און גאָלדבערג האָט נאָך יע־דער זאַץ זיך אָבגעשטעלט און בעוואונדערט זיין האנדשריפט. נייע אותיות!...

אפילו אין דעם טשעק, וואָס ער האָט געשריבען פאר׳ן ברו־דער האָט ער יעדען אות אָבגעטאַקט. דער „פיפטי" איז ארויס ווי געמאָלען און דעם ברודער׳ס נאָמען האָט זיך צושפרייט אויף א גאנצער שורה. דער עיקר אָבער האָט גאָלדבערג זיך אָב־געגעבען מיט׳ן אונטערשריפט אויפ׳ן טשעק. שוין לאנג, אז ער האָט קיין פערגעניגען ניט געהאט פון שרייבען זיין נאָמען אויף א טשעק, ווי איצט אויפ׳ן טשעק צום ברודער.... ווען ער וואָלט געקענט אנשטאט דעם בלויזען נאָמען נאָך צושרייבען דאָס וואָרט ברודער!... זאָל מען טאקי אין באנק וויסען, אז דאָס איז ניט סתם א טשעק, נאָר א טשעק צו א ברודער...

---

אין עטליכע טעג ארום, איבערקוקענדיג די פריהמאָרגען פאָסט, האָט גאָלדבערג געעפענט א בריעף און אינעווייניג איז געלעגען א בעקאנטער טשעק...

דאָס איז געווען דערזעלבער טשעק, וואָס ער האָט געשיקט דעם ברודער....

דער ברודער דאנקט איהם פאר זיין פריינדליכקייט און בעדויערט, וואָס דער טשעק איז צוריקגעקומען, ווייל ער איז עפּעס ניט ריכטיג געשריבען. ער האָפט, אז ער וועט איהם זעהען פיקסען...

גאָלדבערג האָט בעטראכט דעם טשעק און געזוכט דעם פעהלער...

ער האָט א ביטערען שמייכעל געטהאָן: דער אונטערשריפט איז געווען, ניט דער, ווי ער האָט זיך אין דער באנק אונטער־געשריבען: דאָ איז ער גאָר אַן אנדער גאָלדבערג: פּול, רונד און ברייט. ניין! די באנק ווייס פון אַן אנדער גאָלדבערג! אזא קען זי ניט!...

און גאָלדבערג האָט זיך פערשעמט...

# ערשטע רייהע.

פון אלע ביזנעס, וואס זלמן האט אונטערגענומען פאר די עטליכע יאהר וואס ער איז אין ניו יארק האט זיך אויסגעלאזען א טייך. „עס געהט ניט כאטש צוריים זיך!" — אזוי האט זלמן אליין געזאגט מיט א שמייכעלע. א זייטיגער מענש פלעגט צוריק א שמייכעל טהאן. און באמת, וואס געהט עס אן א זייטיגען מענשען ווי אזוי זלמן פיהלט זיך נאך אלע קראכען. נאטירליך, זיינען נאך ניט אלע מענשען אזוי שלעכט און צווישען זיי געפינען זיך אזעלכע, וואס גיבען זלמנ'ען עצות. איינער הייסט איהם זיך „צולערנען די שפראך" און ווערען אן „אינשורענס איידזשענט", ווערדיג ער איז א מענש אן „אסאבע" און אז ער וועט ארייננעהן צו עמיצען „אינשורען" וועט מען איהם געוויס ניט אבזאגען. אן אנדרער האט נאך א בעסערע עצה— אינשורענס איידזשענטס זיינען שוין דא צופיעל, אבער א „פייפער סטענד" וואלט פונקט גוט געווען. קיין סך געלד דארף מען דערצו נישט האבען און דער עולם לייענט היינט זעהר א סך... א דריטען פאלט איין, אז פאר זלמנ'ען וואלט גוט געווען ארויסצופאהרען אין א קליינער קאנטרי־שטאדט... דארטען, מיט זיינע פלענער, קען ער ווייט אוועקגעהן.. .א פיערטער הייסט דוקא בלייבען אין ניו יארק, נאר אויב יא זוכען גליק, איז שוין בעסער פאר איהם צו פאהרען קיין סאן פראנציסקא, מען זאגט, אז דארטען איז געלד ווי בלאטע, קיין פענים זעהט מען דארטען גאר נישט אן, בלויז ניקעלס און ניקעלס...

אבער פון די אלע עצות זיצט שוין זלמן באלד א יאהר אהן א „ביזנעס" און נישט קוקענדיג וואס ער האט נאך אין זיך

נענוג שמאַלץ, פיהלט מען שוין, אז ער איז אין גאנצען גע־בראָכען. עס האלט שוין דערביי, אז א רייכערער לאנדסמאַן שלאָגט איהם פאָר עטליכע דאָלאר א גמילת־חסד.

אָבער זלמן געהערט ניט צו דעם סאָרט אידען וואָס באַר־גען גמילת־חסדים גלאַט אין דער וועלט אריין. ערשטענס, איז א גמילת חסד גלאַט א מאוס׳ע זאַך. דאָס הייסט, דער וואָס גיט דער גמילת חסד איז דוקא א שעהנער מענש, אָבער דער וואָס נעהמט איז שוין א פערפאלענער. א מענש — זאָגט זלמן פאַר זיינע נאָהענטע, מוז זיך אליין ראַנגלען. צו לייטען אנ־קומען דאַרף מען ניט.

און זלמן אליין וואָלט אפילו געקענט הונגערן און קיינער זאָל ניט וויסען וואו ער האלט אין דער וועלט. איז אָבער זיין ווייב, עטיל, שוין אן אנדער מין מענש. זי וויל דוקא מאכען א לעבען, ווי גאָט האָט געבאָטען און זי האָט טענות צו דער וועלט.

— וואָס הייסט עס — פאלט זי אמאָל אריין צו קרובים און לאנדסלייט — פאַר וואָס זאָל מען מיין זלמנ׳ען לאָזען פאַ־לען? — ער, אז ער האָט געהאט פלעגט ער אלע מאָל געבען. נישקשה, זי האָפט נאָך, אז ער וועט צוריק אויפגעריכט ווערען און ער וועט נאָך וויעדער מענשען העלפען.

דערוויל אָבער וויל זי מען זאָל איהם אויסהעלפען. אָבער אויף אזא אופן, אז ער אליין זאָל ניט וויסען. — ער קען זיך חלילה א מעשה אָנטהאָן — צעוויינט זי זיך. ער איז דאָך א משוגענער. ביי לייטען אז עס טרעפט אן ענגע צייט, לענען זיך פריינד און קרובים צוזאמען און מען העלפט אויס צו מאכען עפּעס א געשעפט, צי וואָס. מיט איהם אָבער איז אן אומגליק— ער וויל צו קיינעם נישט אָנקומען.

דערפאָר מוז מען איהם אזוי אויסהעלפען, אז עס זאָל אויסקומען אויף אן איידעלען אופן און שטארק בסוד...

און עטעל, א כוואטסקע ווייבעל ניט אויף א פּלאַן: מען זאָל נעהמען א „טהעאטער", פערקויפען טיקעטס און דאָס געלד

וואס וועט אריינברייינגען זאל מען איהר אוועקגעבען. און זי וועט זאגען, אז דאס האט זי בעקומען פון דער היים פון איהרע עלטערען.

און ענדליך האבען זיך צוויי יונגע באיעס ארויסגערופען די דאזיגע אונטערנעהמונג דורכצופיהרען.

—זאלט איהר זשע געדענקען, אז ער טאר דערפון נישט וויסען, עס מוז זיין בשתיקה פון איהם, ווייל טאמער ווערט ער געוואהר וועט ער זיך בעגראבען א לעבעדיגער.

און בעקומענדיג אן הבטחה, אז עס וועט דורכגעפיהרט ווערען אין דער גרעסטער בעהאלטענקייט איז עטיל אוועק א היים.

אין א וואך ארום איז זלמן געזעסען ביי זיינעם א לאנדס־מאן. עס איז געווען א זונטאג נאכמיטאג. זלמן האט זיך גע־פיהלט זעהר גוט אויפגעלעגט, ער האט אין דער פריה געקריגען אן אלטען חוב — פינף דאלאר — האט ער דריי דאלאר אוועק־געגעבען אין שטוב און צוויי דאלאר איז איהם נאך געבליע־בען אויף צו בעצאהלען מארגען אין גראסערי. דערווייל אבער האט ער זיי געפיהלט אין טאש און דאס האט איהם צוגעגעבען א ביסעל מוטה און קוראזש. די צוויי דאלאר זיינען גראד גע־ווען איינציגע און אזוי ווי די מיסעס האט גראד געדארפט האבען צוויי איינציגע דאלאר האט ער זיך דער ערשטער אויס־גערופען, אז ער קאן אויסטוישען.

— דער רייכסטער פון אונז איז פארט זלמן. — האט די מיסעס א זאג געטהאן און געשמייכעלט.

— וואס דען ? — האט דער לאנדסמאן פארטאקעוועט און וויסענדיג פון דער אונטערנעהמונג, וואס מען געהט פאר זלמן'ען מאכען, האט ער צוגעגעבען:

— זלמן וועט נאך ערשט ווערען א נגיד !...

זלמן האט פון דעם דאזיגען אויסרוף זיך דערפיהלט נאך געהויבענער, ער האט געוואלט עפעס ענטפערען, אבער דערווייל

האט זיך געזעגנט די טהיר און עס זיינען אריין די צוויי באַ־
יעס.

אזוי ווי אין הויז איז געווען א מיידעל, וואס האט געדארפט א חתן, האט מען די באַיעס זעהר שעהן אויפגענומען. דער לאנדסמאן האט זיי געבעטען זיצען און די מיסעס האט זיי פאַרגעשלאָגען צונעהמען אן אַראנזש פון טעלער.

די באַיעס אבער, האבען אויסגעזעהן צו ביזי צו זיין, זיי האבען געקוקט אויף זלמן'ען, ווי ער וואלט זיי אין עפּעס גע־שטערט. אבער באלד האבען זיי זיך איבערגעזע'סוד'עט און איי־נער האט זיך אַנגערופען:

— מיר האבען איצט קיין צייט נישט. מיר זיינען געקו־מען וועגען ביזנעס...

דערהערט ביזנעס, האט זיך זלמן דער ערשטער אַנגע־כאפּט:

— ווי באלד אז ביזנעס, וויל איך טאקע הערען...

די צוויי באַיעס האבען זיך איבערגעקוקט און לייכט גע־שמייכעלט, אבער באלד זיינען זיי ערנסט געוואָרען און איינער האט זיך אַנגערופען:

— דאס זיינען ניט פאר אייך קיין ביזנעס, ר' זלמן... דאס געהט מען מאכען א טהעאטער אונטערנעהמונג פאר אן אַריי־מען לאנדסמאן. מיר פערקויפען טיקעטס...

— טיקעטס... דאס איז זעהר שעהן — האט זלמן זיי נעמוטהיגט. שטיצען א לאנדסמאן איז אלע מאָל א יושר... גע־ווים... געווים... ווער איז ער דער דאָזיגער לאנדסמאן... איך קען איהם אויך?...

— דאס איז א סוד... האט איין באַי געענטפערט.

— נו, אויב א סוד, צווינג איך אייך ניט צו דערצעהלען, איך בין ניט פון די מענשען וואס זיינען שטארק נייגעריג צו ווייסען.

— יאַ נייגעריג זיין דאַרף מען טאַקי ניט... האָט דער לאַנדסמאַן אַליין זיין מיינונג אַרויסגעזאָגט. איז הייסט עס ווילט איהר איך זאָל נעהמען טיקעטס...

— געוויס! — האָבען די באַיעס אויסגערופען און איינער האָט אַרויסגענומען אַ פּעקיל טיקעטס און פאַרגעשלאָגען פער־שיעדענע סאָרטען: באַקס, אָרקעסטער און ערשטע באַלקאָני.

דער לאַנדסמאַן האָט זיך גע׳ישוב׳ט וועלכע צו נעהמען: צי אָרקעסטער אָדער באַלקאָני, די מיסעס האָט געראָטען באַל־קאָני.

— פאַר וואָס באַלקאָני? — האָט זלמן אָבגעשלאָגען — באַלקאָני איז צו ווייט. איך וועל נעהמען אָרקעסטער.

די צוויי באַיעס האָבען זיך איבערגעקוקט און האָבען זיך אָנפאַנגס, ווי פערלאָרען. אבער באַלד האָבען זיי זיך גע־באַפּט, אז אדרבא, זאָל ער טאַקי קויפען — און האָבען זיך צו איהם העפליך געווענדעט:

— איהר ווילט אָרקעסטער, ר׳ זלמן...

— יאָ, אָרקעסטער, דאָלאַרדיגע... אָן אָרימער לאַנדסמאַן געוויס... וואָס הייסט? — מען מוז אזא אונטערשטיצען. עס איז אַ יושר... איך וויים אפילו ניט ווער ער איז, אָבער ס׳איז נאָך גרעסער די מצוה...

די באַיעס האָבען זיך ווידער אומגעקוקט און זיך ניט געקאָנט בעהערשען און איינער האָט הויך זיך צולאַכט.

— וואָס זשע לאַכט איהר — איז זלמן אָבהענריג גע־וואָרען — וואָס איך זאָג, אז עס איז אַ מצוה... וואָס דען איז דאָס? — אוראי אַ מצוה...

— פערקעהרט... האָט זיך דער באַי פערטיידיגט און איז רויט געוואָרען. איך האַלט אויך, אז עס איז אַ גרויסע מצוה, דערפאַר געה איך דאָך אַרום פערקויפען די טיקעטס.

און ווערענדיג צוריק ערנסט, האָט דער באַי איהם דער־לאַנגט צוויי טיקעטס ערשטע רייהע און ער האָט בעצאָלט:

— איהר בעקומט ר' זלמן ערשטע רייהע...

זלמן האט זיך דערפיהלט זעהר שטאלץ. ער האט גענומען די צוויי טיקעטס, בעטראכט זיי פון אלע זייטען און מיט א רחבות'דיגען שמייכעל ארויסגענומען די צוויי לעצטע דא־לאר:

— אט האט איהר צוויי דאלאר... איז הייסט עס, ווען וועט דאס זיין?

איינער פון די צוויי האט איהם געזאגט דעם דאטום.

— זעהר פיין! זעהר פיין! — האט זיך זלמן ענטציקט— איך וועל טאקע געהן מיט מיין עטלען.

און אז די צוויי באיעס זיינען שמייכלענדיג ארויס, נאכ־דעם ווי זיי האבען פערקויפט נאך צוויי באלקאני־טיקעטס, האט זלמן ווי מיט גדלות זיך געווענדעט צום לאנדסמאן:

— האט איהר, ווייסט עס, געקויפט באלקאני — צו 75 סענט...

דער לאנדסמאן האט געשוויגען, נאר די מיסעס האט מיט א זיפץ געענטפערט:

— עס איז דאס אויך היינטיגע צייטען שווער, נאר וואס זאל מען טהאן מיט אן ארימען לאנדסמאן?

דער דאזיגער טרויעריגער טאן פון דער מיסעס האט זלמן'ען אויפגעוועקט פון חלום, ער האט זיך דערמאהנט, אז ער האט אוועקגעגעבען די לעצטע צוויי דאלאר פאר טיקטעס ערשטע רייהע.

ער האט שוין מעהר ניט געקאנט איינזיצען, עס האט איהם געהויבען פון ארט.

און אבזעגענדיג זיך מיט זיי איז ער ארויס פון שטוב.

און א דערשלאגענער, נישט האבענדיג קיין ניקעל אויף קאר־פער, האט ער געשפאנט א היים צו פוס מיט די צוויי טיקעטס ערשטע רייהע אויף זיין אייגענער אונטערנעהמונג...

# דער געגנאַסע מיט׳ן ווײַן.

זיצענדיג ערב יום טוב אין „על“ פאַהרענדיג צו דער ריכ־טונג אין בראָנקס, איז ביי א צווייטער סטיישאָן אריין אין קאר א בעקאנטער אלטער געגנאַסע. ער האָט אויסגעזעהען פערמאַ־טערט און צורודערט. זיינע אויגען האָבען געקוקט ווי בייז אויף דער גאנצער וועלט, אין האנט האָט ער געהאלטען א לענגלי־כען און שמאָלען פעקיל, וואָס האָט אויסגעזעהען ווי א פאָר פערפאקטע פלעשער וויין. קענענדיג אבער דעם ראַזיגען ראַ־דיקאל־געזינטען מענשען, האָב איך דאָך שטארק געצווייפעלט צי דאָס איז טאַקע וויין, און אויב יא וויין — האָב איך גע־טראכט — איז דאָס געוויס חמצ׳דיגער.

איך האָב איהם געוואָלט פרעגען און גלאָט לאָזען זיך איהם זעצען. פאָרט אן עלטערער מענש! אבער בעמערקט האָב איך, אז דער ראַזיגער עלטערער מענש מיידט אוים מיינע בליקען און וויל זיך ניט בעגעגענען מיט מיר.

ענדליך האָב איך איהם פאָרט אָנגעקוקט אזוי, אז ער האָט קיין ברירה ניט געהאט אוועקצוקוקען פון מיר.

ביי דער נעקסטער סטאנציע איז שפּעטער געוואָרען א פריי־ער פלאַץ נעבען מיר. ער האָט זיך אוועקגעזעצט און דאָס פעקעל האָט ער געלעגט הינטער זיך, ווי טריפה סחורה.

— וואָס איז דאָס פאר א פעקיל, מר. פיינקינד? — בין איך נייגעריג געוואָרען.

— ווייס איך וואָס — גאָרישקייטען! — האָט ער בייז געברומט.

און אנקוקענדיג מיך שוין אביסעל פריינדליכער, ווי ער וואלט פאר מיר זיך געוואלט אויסריידען דאס הארץ, האט ער פארטגעזעצט:

— א פעקעל... ס'איז שוין איינמאל א פעקעל... ס'איז א פאר פלעשלעך וויין...

און צולאכענדיג זיך מיט א בייזקייט, האט ער פער־ריכט:

— פסח'דיגע וויין... צום סדר...

— אזוי... איהר מאכט א סדר!... — האב איך זיך גע־וויצעלט, — איהר ווערט, הייסט עס, אויך א בעל תשובה...

— ניט דערלעבען וועלען עס די אמעריקאנער קאפיטאליס־טען... — האט ער געענטפערט, ווי בעלעדיגט — איך וואלט עס קיינמאל ניט געטהאן. אבער מיין זוהן — וואס זאל מען טהאן מיט די היינטיגע קינדער? זיי האבען פערגעסען אין גאנצען דאס, וואס איך האב מיט זיי געלערענט. די טאכ־טער אפילו איז, געלויבט דער אויבערשטער, געבליבען א טרייע גענאסין און ראדיקאלע עד היום. פון מיין זוהן אבער האב איך ניט קיין נחת — ער איז אוועק אין גאנצען אויף אן אנדער וועג. איך האב שוין געפרופט ווערען ברוגז אויף איהם. עס האט דאך אלץ א שיעור!... שטעלט זיך פאר אז דאס צווייטע קינד, א איינגעלע זיינס, האט ער געלאזט מל זיין. א מין בארבאריזם! איך האב געקעמפפט מיט איהם, געקעמפפט, און ס'האט נישט געהאלפען. נאטירליך בין איך אויפ'ן ברית ניט געוועז.. אבער אונטער די אויגען איז מיר אויך גענוג געוועזן. מיינע בעקאנ־טע האבען פון מיר חוזק געמאכט: „אזוי, גענאסע פיינקינד, אייער זוהן איז אוועק אין א שלעכטען וועג — ער פראוועט גאר ברית'ן!" עס האט מיר באמת געפלאמט דאס פנים. נאכדעם האט זיך אנגעהויבען א סדרא מיט פסח, מיט סדרים. אמאל פלעגען מיר צום ערשטען סדר האבען א סאציאליסטישען מי־טינג, איהם פלעג איך שטענדיג מיטנעהמען. זאל ער וויסען וואס

עס טהוט זיך ביי אונז! איך האָב געגלויבט, אז ער וועט נאָך מיך איבערשטייגען: איז אבער ניט נאָר ער איז קאַלט געוואָרען צו אַלע אונזערע לעהרען. פאר וועלכע מיר האָבען אונזערע בעסטע יאָהרען אוועקגעגעבען — ער איז געוואָרען אַן עכטער איד! אָט מאכט ער שוין דאָס דריטע יאָהר א סדר!

סדרים מיט ברית'ן!..

דאָס ערשטע יאָהר, נאַטירליך, אז איך האָב עס ערפאָה־רען, בין איך אויף מאָרגען אוועקגעלאָפען צו איהם און זיך צושריען: סטייטש, וואָלטער, וואָס איז מיט דיר געוואָרען? פערגעסט, אז דו טראָגסט א נאָמען פון דעם גרויסען פראַנ־צויזישען ראציאָנאַליסט — וואָלטער! אבער אנשטאָט צו פער־ענטפערען זיך, האָט ער זיך אויסגעלאכט. „וואָלטער", זאָגט ער, איז טאקע א שעהנער נאָמען. אבער משה איז אויך געווען א רעוואָלוציאָנער און דער סדר איז אן אנדענקונג פון דער בעפרייאונג". היינט געהט טענה זיך אוים מיט איהם.

— אָבער, ווי איך זעה, האָט איהר דאָך מיט איהם פאָרט שלום געמאכט? — האָב איך געפרעגט דעם פערביטערטען טאַטען, אָנווייזענדיג אויף די וויין.

— שלום געמאכט? — האָט ער טרויעריג געשמייכעלט — עס איז דאָך א זוהן... מען קען זיך העלפען — ער האָט מיך שטארק געבעטען צו קומען.. שוין צוויי יאָהר, אז ער לאָזט מיך ניט רוהען... מען איז דאָך ניט מעהר ווי א טאַטע, א צולאָזענער זוהן איז דאָך אויך א זוהן...

— א צולאָזענער? — האָב איך דעם אַלטען פערוואונ־דערט אנגעקוקט.

— עס רעדט זיך אזוי... — האָט דער אַלטער געגאָסע זיך פערכאַפּט, — אזוי איז ער זעהר א וואוילער מענש... נאָר א פיינער מענש, נאָר דאָס וואָס ער האָט פערראַטהען דעם טאַ־טענס לעהרען און איז געוואָרען צופיעל איד... אָט וואָס מיך קרענקט...

איך האָב אַנגעקוקט דעם אַלטען׳ס פּנים און האָב בע־מערקט אין זיינע אויגען א מיעפּען צער. דאָס איז געוועזען דער אַלטער צער, וואָס קוקט ארוים ביי יעדען טאַטען זייט לאַנגע דורות... אזוי האָבען מיט צער געקוקט די אויגען, פון זיין טאַטען, ווען ער איז אַמאָל, אַמאָל פּסח, צו דער ערש־טער סדר־נאַכט אַוועק אויף א „סחאָדקע" אין וואלד...

# דעם בארבערס ווייבעל.

שבת, עלף א זייגער אין דער פריה. הייםאַן דער בארבער שטעהט איבער א יונגען ארבייטער, וועלכער ליעגט אויסגעצוי־גען איבער׳ן טשער א שלאָפעריגער און ער, הייםאַן, מאכט איהם צורעכט. שאָבט איהם די באקען מיט גרויס פלייס, ווי ער וואָלט איהם וועלען כשר׳ן צו א היילינגע זאַך. די ארבייט געהט ביי הייםאַן׳ען, ווי געשמירט, ער איז שוין 15 יאָהר א בארבער. 10 יאָהר אין יוראָפּ און שוין 5 יאָהר אין ניו־יאָרק, אין אידי־שען קווארטאל, ער וואָלט יעצט פערמאָגט א הונדערט חלק ווי־פיעל מאָל 10 סענטען ער האָט שוין בעקומען. וואָלט ער קיין בארבער ניט געדארפט שוין זיין. ער וואָלט שוין דאָ געהאַט הייזער און וואָלט אויף זיי א סענט אפילו ניט שולדיג געווען. אויסער דעם האָט ער גלאַט א פלינקע האנד, און דאָך פיהלט ער, אז ער וואָלט פיעל פלינקער און בעסער געשייווט, ווען הינטער איהם וואָלטען ניט געזעסען פיער יונגע לייט, ארבייטער, און וואָלטען ניט געוואַרט. מילא זייער ווארטען וואָלט איהם שוין ניט געארט, ער איז זיכער, אז ער וועט זיי אלעמען אבראָ־זירען, זיינען זיי אבער אלע אזוי אונגעדולדיג, אז ער קען בשום אופן זיי ניט בערוהיגען, און אלע ווילע רייסט זיך יעמאנד פון די ווארטענדע אוועקצוגעהן. אמת, ער האָט דערפאר קיין מורא ניט — אוועקגעהן וועלען זיי ניט. ערשטענס זיינען זיי אלע לאנדסלייט און צווייטענס — וואוהין וועלען זיי דען געהן? ביי א צווייטען בארבער וועלען זיי דאָך אויך דארפען ווארטען. אבער נאָך אלעם דעם איז איהם ניט אנגענעהם.

— איך זאג דיר, היימאן, קלאגט זיך אויפשטעהענדיג איין ארבייטער פון די ווארטענדע, אז דו פערשטערסט מיר דעם שבת. א גאנצע וואך אין שאפ, קומט דער שבת, וויל מען אבי־סעל ארויסגעהן, מוז מען ביי דיר זיצען און ווארטען די „רייהע". נעהם, צו אלדי טייוועל „א האנד".

— ניין, ברודער, צוליעב א פאר שעה אין וואך קען איך קיין האנד ניט נעהמען — ענטפערט היימאן. פערענדיגענדיג שאבען די באקען פון דעם קאסטימער, וואס איז שוין ליגענדיג אויפ'ן טשער גוט איינגעשלאפען און חלום'ט אודאי פון דעם שאפ — אין מיטען וואך איז סלעק, קיין מענשען האלטען קען איך ניט. נישקשה, דיר וועט נאך בלייבען צייט צו ארומגעהן. און וואס געהט מען גלאט ארום? — פאלט היימאן אריין אין א מוסר־טאן — איך א גאנצע וואך, זיץ דאס רוב אין אין שטוב. אט נעהם לייען א פייפער.

—איך האב שוין דריי פייפערס דורכגעלייענט, — ענט־פערט מיט רוגזא דער ארבייטער — צו אלדי טייוועל, נאך דעם מיסטער מוזטו מיר שייווען.

דערהערענדיג די דאזיגע פארלעגונג, שטעלט זיך אויף נאך אן ארבייטער פון די ווארטענדע און שרייט אויס:

— ניין, מיסטער. איך בין געקומען פריהער פאר אייך.

— איך וועל אייך אלעמען אבשייווען — בערוהיגט היי־מאן די קאסטימער.

ער האט אפילו קיין מורא ניט, אוועקגעהן וועלען זיי ניט, נארישקייט! ערשטענס זיינען זיי לאנדסלייט, און צווייטענס, וואוהין וועלען זיי געהן? אבער אנגענעהם איז עס איהם ניט און ער איילט וואס גיכער צו פערענדיגען דעם קאסטימער, וועלכען ער וואשט שוין דעם קאפ, פון וואס יענער כאפט זיך אויף.

— אט שוין געענדיגט — טרייסט היימאן דעם וויעדער־שפענסטיגען קאסטימער, זיין לאנדסמאן. דו ביזט דער דריי־טער, א האלבע שעה און דו ביזט א געשייווטער.

דער ארבייטער לאָזט זיך בערוהיגען, נאָר ניט אין גאַנ־צען, ער מורמעלט אליין:

— האָסט כאָטש אויף שבת אליין געדארפט נעהמען א מענשען, צו אלדי טייוועל!

היימאן שייוועט שוין א צווייטען, וועלכער שלאָפט שוין אויך, און פליהענדיג מיט דעם ראזיר־מעסער איבער דעם צוויי־טען קאָסטימערס באקען, ענטפערט ער:

— אויף שבת אליין, זאָגסטו, און אבצאָהלען איהם צוויי דאָלאר און וואָס וועט מיר בלייבען? אָט נעהם לעז א פייפער. באלד, באלד קומט דיין אָטשערעד, נאָך א האלבע שעה'לע...

דער ארבייטער פערלאָזט זיך אויף גאָט'ס בעראָט און נעהמט אויף זיך צו זיין געדולדיג, זיצען אבער קען ער שוין ניט, עס הויבט איהם פון טשער. נעהמט דעם „פאָרווערטס" און לעזט די אדווערטייזמענטס פון אידישען טהעאטער.

— ביזטו געוועזען אויף „לייזער'ס בלינצעס?" — פרעגט ער, בעמערקענדיג די אדווערטייזמענטס.

— ווער האָט צייט צו געהן? — ענטפערט היימאן — מען זאָגט, אז עס איז א זעלטענע „שאָו".

— איך בין שוין געוועזען צוויי מאָל און היינט געה איך מאטינעע. נאָר ווער וועט שוין געהן, פערכאַפט ער זיך צו־ריק, ביז דו וועסט פערטיג ווערען וועט מען שוין אָבשפיעלען.

— ביזטו בדלות! — ענטפערט היימאן, — וועסט ניט פערשפעטיגען. געה בעסער אויף „א מענש זאָלסטו זיין" — וועסטו זעהען ווי האלב נאקעטע נקבות הוידען זיך און זינגען... אויך זעהר א שעהנע זאַך...

דער ארבייטער לאָזט זיך אבער ניט טרייסטען, ערשטענס האָט ער שוין „א מענש זאָלסטו זיין" געזעהען 20 מאָל און טאקע א דאנק די האלב נאקעטע נקבות, וואָס הוידען זיך אויף דער סצענע, און זיי זיינען איהם שוין נמאס געוואָרען און ער

הויבט זיך אָן ווידער צו בונטעווען. באלד אבער ווענדט ער זיך מיט א פראגע:

— זאָג מיר היימאַן, וואָס זעהט מען עפּעס ניט דיין ווייבעל?

— דו האָסט זיך פערביינקט נאָך איהר — ענטפערט היימאן איגנאָרירענדיג — איך בּיינק נאָך איהר ניט אזוי שטארק.

פון הינטער'ן צימערעל, וואָס איז פערהאנגען מיט א פּאָרהאנג, דערהערט זיך א שטים און באלד ווייזט זיך א קאָפּ פון א יונג־חן'עודיג ווייבעל.

— דו בּיינקסט נים, איז ווי דו ווילסט זיך, איך בּיינק אויך ניט נאָך דיר. וואָס מאכט איהר זיסעל? ווענדעט זי זיך צום ארבייטער.

— אָט אזוי, שמועס אביסעל מיט מיין ווייבעל, — זאָגט היימאן צו זיסלען — זי קען גאָט צו דאנקען אביסעל שמועסען, וואָלט זי אזוי אנדערע זאכען געקענט.

— איהר קריגט זיך נאָך אלץ! — פרעגט זיסקע.

— איך האָב שטארק מורא פאר איהם! — לאכט בּיין דאָס ווייבעל.

— זאָג מיר. היימאן, פאר וואָל גאָר דיין ווייבעל ניט מאכען אמאָל א שייוו, צו אלדי טייוועל — חולה איז זי! מיך האָט שוין אמאָל, נאָך אין יוראָפּ, א נקבה געשייווט, ס'איז זעהר אנגענעהם, עס קיצעלט — האָט ער זיך ציניש צולאכט.

די איבעריגע ארבייטער, וואָס זיינען פאר לאנגווייליגען וואַרטען שיער ניט איינגעשלאָפען, האָבען זיך אויך צולאכט און דאָס ווייבעל האָט זיך אָנגערופען, ווארפענדיג אויגלעך צו זיסקען:

— נו, זעץ זיך, זיסקע איך וועל אייך מאכען א שייוו.

— מיט'ן גרעסטען פערגניגען! — האָט זיך זיסקע אָנגעכאַפּט און האָט זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן שייוו־טשער.

— נו, נו, מען בעט דיך ניט — האָט היימאַן בייז אויס־גערופען — איך בין שוין באַלד פאַרטיג.

— וואָס אַרט עס דיר — האָט זיסקע זיך געווענדעט צו היימאַן'ען ווי מיט געבעט, — זי וויל מיר מאַכען אַ שיווו, זאָל זי מאַכען. אין יוראָפּ זיינען דאָ ליידים, וואָס שיווועץ.

—דאָ אויך, — האָט בעשטעטיגט איינער פון די וואַר־טענדרע און עס איז געווען קענטיג, אַז ער וואָלט אויך ניט געווען דאַגענען אַז דאָס חנ'עוודיגע ווייבעל זאָל איהם מאַכען אַ שיוו. ער האָט אויף איהר געקוקט און געקוקט. ווי ער וואָלט זיך גע־בעטען: מיך אויך...

— זעצט זיך! — האָט דאָס ווייבעל פאַרגעלעגט, וויג־קענדיג צו זיסקען.

— זי וועט דיר צוקראַצען דאָס פּנים, אַז דו וועסט אין גאַס ניט קענען אַרויסגעהן —האָט היימאַן געוואָרענט און גע־קוקט בייז אויף זיין ווייבעל.

— זאָל זי צוקראַצען, עס מאַכט ניט — איך קען שוין, ווי איך בין אַ איד, מעהר ניט וואַרטען — האָט זיסקע געענט־פערט אוועקזעצענדיג זיך אויפ'ן שיווו־טשער.

— אָט איך ענדיג שוין! — האָט היימאַן איהם בערו־היגט. נאָך דעם קומסט דו.

— ניין, איך בין פריהער געקומען — האָט זיך אָנגעכאַפּט איינער פון וואַרטענדע.

— לאָזט איהם היינטיגעס מאָל איבער — האָט זיך היימאַן ווי געבעטען. און צום ווייבעל האָט ער זיך געווענדעט, וואַר־פענדיג בייזע בליקען אין איהר זייט.

— דו נעהסט אַוועק, צי ניט?

דאָס ווייבעל איז אַ ברוגז'ע אַריין צוריק אין הינטער־צימערעל, היימאַן איז רוהיגער געוואָרען און האָט פערענדי־גענדיג דעם צווייטען קאַסטימער זיך געווענדעט צו זיסקע'ן:

— אַט באַלד, זיסקע, באַלד, נעהם ליִיען אַ פּייפּער... אַ בעלנות פון אַ מענשען, לאָזען זיך שייוועןַ פון אַ פרוי, זי וואָלט דיך אַזוי צוקראַצט, אַז דו וואָלסט זיך אויפ׳ן סטריט ניט גע־קענט ווייזען.

זיסקע, וועלכער האָט טאַקע באמת געוואָלט פּערזוכען אַ ווייבערשען שייוו, האָט בייז געענטפערט:

— דו צוקראַצט אַמאָל, ברודער־לעבען, אַזוי, אַז ערגער קען שוין ניט זיין... זאָג בעסער — האָט ער איראָניש צוגע־געבען — אַז דו ביזט „פּעפּערזיכטיג“. אי, איך האָב דאָס פיינט!

היימאַן האָט זיך ווי בעליידיגט און ער האָט אויך בייז געענטפערט:

— נו, ברודער, אויב דו ווילסט אַז דוקא מיין ווייבעל זאָל דיר מאַכען אַ שייוו, קען איך דיר ניט העלפען. דאָס ווייבעל ברויך איך פאַר זיך... איך בין נאָך אַ יונגערמאַן...

— איך וואָלט זי ניט אָבגעביסען! — האָט זיסקע אַ מור־מעל געטהאָן...

— פאַר אָבבייסען האָב איך שוין קיין מורא ניט, נאָר קיין באַרבער, ווייל איך ניט זי זאָל זיין, איך וועל מיך אים־פּראָווען אליין.

זיסקע האָט גאָר נישט געענטפערט, היימאַן האָט אין זיין שוויינען געפיהלט אַ בייזקייט. ווער ווייס, אפשר וועט ער שוין אַ צווייטען מאָל נישט קומען. אַ קאַסטימער איז אַ שאָד, דאָס ווייבעל איז איהם אבער אויך אַ שאָד און אַ פיעל גרעסערער, ווי אַ קאַסטימער...

און, אַז זיסקע האָט ווידער זיך גענומען בונטעווען און שרייען, אַז ער קען ניט וואַרטען, האָט היימאַן איהם שוין ניט

פערהאלטען, קיין פייפער לעזען ניט פאַרגעלעגט, נאָר טרוקען און לאַקאָניש ארויסגעמורמעלט.

— מילא, אז דו יאָגסט אזוי, טאָ גען געזונטערהייט...

זיסקע האָט נישט געענטפערט, איז אבער ניט אוועק און אין דעם ענגען בארבער־רום האָט געהערשט א דריקענדע שטיל־קייט...

•

# די הינקעדינע טענצערין.

— ליזא איז שוין א מיידעל פון עטליכע און צוואנציג יאָהר, אָבער איהר ניט־הויכער וואוקס און דראָבנעם פּנים׳ל גיט איהר אַן אויסזעהן פון א זיעבצעהן־אַכצעהניעהריג מיידעל. איהרע שווארצע בענקענדיגע אויגען קוקען שטענדיג נאַאיוו און פרעגענדיג, און בשעת זי רעדט מאכט זי מינעס ווי קינדער וואָס ווערען פון אלץ נתפּעל, גלויבען אין אלץ און בעזונדערס גיט איהר צו קינדערי־שעס, וואָס נאָך יעדע פראזע לענט זי צו מיט זיכערקייט: אודאי אזוי, אמת...

עס הייסט אָבער ניט, אז ליזא איז טאקי א קינד, פערקעהרט, זי האָט שוין אין איהרע עטליכע יאָהר נאָך איהר ווירקליכער קינדהייט פיעל שטארקע געפיהלען דורכגעלעבט, פיעל מאָל שוין אהינגעריסען געוואָרען פון שווארץ־אויגיגע און לאַנג־לאָקיגע בחורים. שוין געוועזען בעקאַנט אפילו מיט עפּעס א הויכען טרעמפּ, און אפילו ווענען איהם פלעגט זי אויך האָבען א ריין קינדיש אויסדרוק:

— יא, ער איז זעהר א פיינער מאַן, ער וועט מיך נעהמען אין דער וועסט, צו־פוס.. ער האָט מיר דערצעהלט, אז דאָרטען דאַרף מען גאָר ניט ארבייטען. איך וועל אמאָל געהן מיט איהם.. בעסער, ווי אין שאפּ... יא, אודאי אזוי, אמת...

די חבר׳טעס איהרע, ניט עלטערע און אמאָל אינגערע פון איהר, פלעגען איהר ווארנען:

— אָ, ליזיטשקע... רעד ניט קיין נארישקייט... א טרעמפּ בלייבט א טרעמפּ... בעגעגען זיך מיט איהם מעהר ניט... ער וועט דיך נאָך פערפיהרען...

דאן פלעגט זי אויסשטעלען דערשראָקען די אויגען און זיך חדוש'ן:

— פערפיהרען? וואָס קען ער מיך פערפיהרען? ער איז דאָך אזא שעהנער... יאָ, אודאי אזוי — ער איז א שעהנער.

שעהן האָט ביי איהר געהייסען ניט נאָר שעהן אין אויסזעהן, נאָר אין געפיהלען און פיהרונג...

נאָר דער פערלאַנג צו געהן אין דער וועסט מיט'ן טרעמפּ האָט ביי איהר נישט לאַנג אָנגעהאַלטען: דער טרעמפּ מיט וועלכען זי פלעגט זיך צופעליג אבער אָפט טרעפען אין יוניאָן סקווער איז ערגעץ פערשוואונדען און זי האָט זיך היננעריסען מיט א צווייטען יונג, שוין דער נעגענזאַמץ פון א טרעמפּ: דאָס איז געווען א שעהנער יונגער סטודענט פון קאָלומביא קאָ־לעדזש. מיט דעם דאָזיגען סטודענט פלעגט זי זיך טרעפען שבת און זונטאָג און פלעגט מיט איהם פערברענגען דעם גאַנ־צען טאָג ביז צוועלף אין אבענד. ער פלעגט איהר נעהמען אויף בראָדוויי אין די בעסערע מיוזיק־האָלס. דאָרט פלעגט זי זיך אָפט ענטציקען פון די טענצערינס און ביי יעדער ארויסטריט פון א טענצערין פלעגט זי דעם סטודענט א סוד אריינרוימען:

— דו ווייסט, אז איך וואָלט אויך געקענט זיין א טענצע־רין...

דער סטודענט קוקט זי אָן שמייכלענדיג און וואָרענט איהר פריינדליך:

— עס איז א מיאוסע בעשעפטיגונג...

נאָר ליזא ציגדט זיך אָן מיט א קינדערשען כעס און ענטפערט:

— א מאוסע בעשעפטיגונג.. ס'אלינען.. איך וויים אז ס'איז א ליגען. מיר האָט דערצעהלט די הינקענדיגע טענצע־רין...

— וועלכע טענצערין? — וואונדערט זיך דער סטודענט.

— די הינקעדיגע...

דער סטודענט צולאכט זיך.

— א הינקעדיגע טענצערין... ווי אזוי איז דאס מעגליך, נארעלע, דו...

— הערסט... אודאי אזוי, אמאל איז זי געווען גיט קיין הינקעדיגע... איך האב זיך מיט איהר בעקענט, אז זי איז שוין געווארען הינקעדיג... זי האט מיר אלץ דערצעהלט: זי האט מיר געזאגט, אז איך האב שעהנע פיס און איך בין א קליינינקע און דאס איז גוט... א גרויסע קען ניט זיין קיין טענצערין, זי איז אויך א קליינע, נאר זי האט איינמאל געטאנצט מיט אזא שנעל־קייט, אז זי האט אויסגעלונקען א פוס, און פון דאמאלס אן הינקט זי...

— און מעהר טאנצט זי ניט... האט דער סטודענט גע־לאכט גוטמוטהיג, ארייגקוקענדיג אין ליזע'ס אויגען...

— געווים טאנצט זי שוין ניט... אבער זי האט דאך דריי יאהר געטאנצט... זי האט געזאגט, אז עס איז אזוי גוט צו זיין א טענצערין. די ערשטע וואך נעהמט מען אכטצעהן דאלאר און נאכדעם נעהמט מען דאפעלט... נאר א האלב שעה טאנצט מען... און דערנאך איז מען פריי...

— און וואס האט זי דיר נאך דערצעהלט? — פארשט מיט א שמייכעלע דער סטודענט.

— א, רויטעלט זיך ליזא, די הינקעדיגע טענצערין האט מיר דערצעהלט א סך זאכען... אודאי אזוי... זי וויים... זי זאגט אז איך בין ווי געבארען דערצו... זי האט געזאגט אז איך האב שעהנע פיס... און איך וואלט געהאט ערפאלג...

זי האקט אב, ווייל א נייע טענצערין געהט ארויס אויפ'ן סצענע. קלינגענדיג מיט צוויי גלעקעלעך אין דיביידע קאקע־טיש אויסגעשפרייטע הענד דרעהט זי זיך איבער די ביהנע און איהר קורץ קליידעל, בלויז ביז די קניה, בילדעט זיך אין א גאל־דענע ראד...

— אט אזוינע טענץ האט די הינקעדיגע טענצערין גע־

טאנצט... — בעגייסטערט זיך ליזא, — פאר אזא טאנץ נעהמט מען א סך... און דערצו...

זי האקט אב...

דער סטודענט ווערט נייגיעריג:

— וואס דערצו? שמייכעלט ער.

— דאס וועל איך שוין ניט דערצעהלען, לאזט ליזא אראב די אויגען...

— שעמסט דיך?...

— ניין, ס'איז גאר ניט מיאוס... נאר איך וויל ניט... דו וועסט ניט פארשטעהן. אבער ס'איז ניט מאוס... אודאי אזוי...— בעהויפטעט זי פעסט... — מען טאר דען נישט פערברענגען נאכדעם מיט שעהנע מענשען...

— אהא... חאפט זיך דער סטודענט... — אהא!

— דו ווייסט שוין?... פרעגט זי.

— אודאי...

— יא, ווען דו הערסט ווי די הינקעדיגע טענצערין דער־צעהלט עס, וואלסטו געזאגט, אז עס איז שעהן...

— קען זיין... איז מסכים דער סטודענט...

— געווים איז שעהן... ווערט ליזא דרייסטער... זי זאגט, אז דארטען איז גאר אן אנדער וועלט, און מען פערגעסט אן אונזער וועלט... זי זאגט, אז אונזער וועלט איז א מאוסע, אן אומ־מעטיגע... א וועלט פון שעפער און סטארס... אודאי אזוי, זי איז טאקע גערעכט... איך וועל אויך ווערען א טענצערין... סטרא־שעט זי צום סוף, — וועסט זעהן!...

— נו־נו, איז מסכים דער סטודענט... און באלד פרעגט ער:

— וואו איז זי איצט?

— ווער?

— אט דיין הינקענדיגע טענצערין...

— איך ווייס ניט, זי איז ווי אין וואסער אריינגעפאלען... איך זוך זי אומעטום...

— וואָס דאַרפסטו זי?

— יאָ, איך דאַרף זי... זי דערציילט אזעלכע שעהנע זאכען... איך האָב אזוי ליעב געהאט צו הערען...

— אפשר טאַנצט זי ווידער?

— חי־חי־חי — צולאַכט זיך ליזא מיט א קינדערשען געלעכטעריל... ווי אזוי קען זי איצטער טאַנצען, אז זי איז הינ־קעדיג...

— אָבער דו וואָלסט געקענט טאַנצען... לאַכט דער סטו־דענט...

— א, אוואדע! חאפט זיך ליזא אָן דערמונטערט... איך האָב א קליינע וואוקס און שעהנע פיס... אזוי האָט זי מיר פער־זיכערט... זי ווייסט דאָך... זי האָט דריי יאָהר געטאַנצט... דריי יאָהר איז דאָך א סך, אמת? זעהר א סך...

דער סטודענט פערטראַכט זיך און מורמעלט ארויס:

— יא, א סך, א סך... אבער דערנאָך ווערט מען הינקע־דיג.

— אָבער דערפאַר האָט זי דאָך געטאַנצט, — שפּאַרט זיך ליזא מיט קינדערשע עקשנות....

דער סטודענט שווייגט...

# דער אלטער.

איך בין געווען ניט לאנג איינגעלאדען אויף דינער אין א ראדיקאלען ארבייטער פאמיליע.

די יוגענד איז געווען פרעהליך געשטימט. עס איז געווען א זונטאג, איילען זיך צו דער ארבייט דארף מען ניט. דערצו איז מען געווען אנגעגרייט נאך דינער צו זעהן אויף א פיק־ניק, וועלכער האט געזאלט זיין זעהר אינטערעסאנט.

די צוויי טעכטער, וועלכע ארבייטען א גאנצע וואך אין שאפ, האבען זיך געפלייסט, אז דער דינער זאל לכבוד מיר ארויס וואס גערא‎טענער. די צוויי זיהן, וויעדער, האבען געקוקט אז עס זאל זיין א גוט גלעזעל ביער ביי'ן עסען. און דערפאר האבען די הכנות צום דינער צו לאנג געדויערט און איך האב מיך שוין אנגעהויבען אביסעל צו לאנגווייליגען.

ענדליך איז שוין אלץ צום דינער געוועזען גרייט. די טע־לער האט מען שוין אוועק געשטעלט אויפ'ן טיש, אויסלעגענדיג ביי יעדען טעלער א גאפעל, לעפעל און מעסער. דאכט זיך אלץ איז שוין פארטיג געווען און דאך איז מען נאך עסען אלץ ניט געגאנגען.

די עלטערע טאכטער, חוה, מיט בלאסע באקען און טיעף איינגעגראבענע אין שטערען פינקעלדיגע שווארצע אויגען, האט זיך גע'סוד'עט מיט'ן ברודער, חיים'ן; דערנאך מיט דער אינ־גערער שוועסטער, לייקע, א מיידעל פון א יאהר צוויי־און־צוואנ־ציג, וועלכע האט נאך ענטהאלטען אביסעל נאטירליכע פארב אין געזיכט און די שווארצע האר פערקאמט אין א צאפ. האט זי נאך פיעל אינגער געמאכט. אבסוד'ענדיג זיך זאלבע־

דריט צווישען זיך איז ענדליך לייקע צו מיר צוגעגאנגען און מיט א פריינדליכען שמייכעל מיך געפרעגט:

וואלט איהר וועלען זיך בעקענען מיט אונזער טאטען?

— אך, מיט'ן גרעסטען פערגעניגען! — האב איך מיך אנגעכאפט מעהר אויס העפליכקייט. איך האב געהערט נאך פריהער אז זייער פאטער איז איבער אכציג יאהר אלט און איז אונגעוועהנליך פרום.

— וועט ער וועלען קומען דען? — האט די מוטער, א פרוי פון א יאהר זעכציג געצווייפעלט — ער וועט ניט אוועקגעהן פון בית מדרש.

— גאנצע טעג זיצט ער אין בית־מדרש... האט זי זיך צו מיר געווענדעט מיט א בעדויערונגס־שמייכעל — אינטערע־סירט זיך ניט מיט קיין זאך.

— צוליעב'ן גאסט וועט ער געוויס קומען, — האט לייקע פערזיכערט. — חיים, זאג איהם, אז דער גאסט איז א בעל־הביתישיער יונגער מאן און קומט ערשט פון רוסלאנד... צו אזא וועט ער לויפען...

— יא, יא! — האט די מוטער געזיפצט, — דערהערט ער אז עמיצער איז געקומען פון רוסלאנד, ווערט ער אן אנדער מענש.

איצט ערשט האב איך מיך שטארק פעראינטערעסירט מיט דעם אלטען פאטער זייערען, און האב ארויסגעזאגט מיין פער־לאנג, אז מען זאל איהם רופען.

חיים איז אוועק נאך איהם אין בית־מדרש, וועלכער האט זיך געפונען ניט ווייט פון זייער וואהנונג. איך האב מיט אונ־גערולד געווארט...

אין עטליכע מינוט ארום איז מיט חיים'ן אריין אין שטוב א גרייז־גראהער הויכער זקן, אביסעל אונטערהינקענדיג אויף א פוס...

איך האב מיך איינגעקוקט טיעף אין זיין פנים און האב

דערזעהען אין זיינע אויגען א פערבארגענע שרעק, צומישונג און אונגעהייערע בענקשאפט...

ער איז שטעהן געבליבען אין מיטען שטוב און האט ווי פערווירט געקוקט ארום.

— טאטע, דאס איז אונזער גאסט! — האט ענדליך לייקע פרעהליך זיך געווענדעט צו איהם.

איך בין גלייך צוגעגאנגען צו איהם..

— שלום־עליכם! — האט ער מיר אויסגעשטרעקט זיין אלטע ביינערנע האנד.

אין דעם „שלום עליכם" האט א קלונג געטהאן אזוי פיעל ליעבע, מענשליכקייט און אין דער זעלבער צייט עלענדקייט, אז איך האב די האנד זיינע שטארק א דריק געטהאן און הויך און דייטליך, ער זאל גוט הערען, איהם געענטפערט:

— עליכם שלום!

— טאטע, — האט שוין די עלטערע, חוה, זיך געווענ־דעט צו איהם, — דער יונגער מאן איז ערשט פון רוסלאנד.

— הא? — האט ער האלב ניט גלויבענדיג זיינע אויע־רען אויסגערופען הייזעריגליך, — וואס זאגסטו, טאכטער?

— ערשט פון רוסלאנד געקומען...

אין זיינע אלטע אויגען האט א פינקעל געטהאן א פייעריל און ער האט מיט א בעזונדער מין ווארימקייט צו מיר זיך אנ־גערופען:

— אזוי, ערשט פון רוסלאנד... זעצט זיך... זעצט זיך... זעצט זיך... און אבשטאמלענדיג א פאר פראזען האט ער שוין דייטליך ארויסגערעדט:

— דער עולם פאהרט נאך אלץ אהער... דארטען איז דאך בעסער... חי־חי־חי... מיינע קינדער ארבייטען דא אלע, נעבעך.. אלע ארבייטען...

— אבער דא איז דאך פרייער... האב איך איהם געוואלט עפעס בעמערקען.

— יא, פרייער, פרייער... האָט ער געזיפצט. מען מעג טהאָן וואָס מען וויל... אוואדע... פון דעסטוועגען וואָלט איך נאָך געפאָהרען צוריק אהיים...

— ווי אזוי וואָלט איהר געלאָזען די קינדער דאָ?

— חי־חי־חי! — האָט ער גוטהערציג לעכאט... די קינ־דער... דאָ בין איך א קינד... זיי ארבייטען נעבעך און שפייזען מיר...

— ווי אזוי קומט איהר טאקי צו פאָהרען אהער? — האָב איך געפרעגט.

— ווי אזוי? הא, ווי אזוי? עס איז טאקי א קשיא... ווי קום איך אין אמעריקא?... האָט ער זיך צוזיפצט... איך אין אמעריקא?... געווען א איד א סוחר, ברייט געהאנדעלט... געווען אלערליי צייטען, אבער שטענדיג געווען א בעל הבית, מיט א נאָ־מען, מיט א פונדאמענט... נו, האָט מען דאָך געוואָלט „פריי־הייט", חי־חי־חי — פרייהייט. איז געוואָרען פריי, פערשטעהט איהר מיך, און מען האָט געמאכט פאָגראָמען, גערויבט, גע־שלאָגען...

— איהר קומט אהער נאָכ'ן פאָגראָם?

— וואָס דען — פאר'ן פאָגראָם וואָלט איך אחער גע־פאָהרען?... איך האָב געדארפט אמעריקע?... איך האָב דען ניט געוואוסט וואָס אמעריקע איז... אלא וואָס דען? מען איז ניט געוואָרען זיכער מיט'ן לעבען אפילו נאָכ'ן פאָגראָם. דער עיקר — די טעכטער... א קלייניגקייט, אז אידיש בלוט און אי־דישער כבוד איז הפקר... האָב איך טאָקע געוואָלט, אז די טעכ־טער זאָלען אוועקפאָהרען; דער בחור איז נאָך נאָכ'ן ערשטען פאָגראָם אוועקגעפאָהרען... האָבען זיי אָבער מיך ניט געוואָלט לאָזען אליין... אין דער היים איז א טאַטע ניט ווי דאָ... און צוריק גערעדט האָב איך אויך דאָ גאָר נישט צו זיי...

— הייסט עס זענט איהר צוליעב די קינדער געפאָהרען... האָב איך געפרעגט...

— עס פערשטעהט זיך, וואס דען — איך האב דען גערע־כענט צו פאהרען אין אמעריקא?... איך האב נאר געוואלט זיי זאלען פאהרען און איך וואלט מיין לעבען געענדיגט אין דער היים, ליענען לעבען מיינע עלטערען... אויף וואס האב איך גע־דופעט... אז מען וועט מיך ניט אריינלאזען... די „הצפירה“ האב איך געלייענט, האב איך דוקא געוואוסט, אז אלטע לייט לאזט מען ניט אריין און דערצו נאך בין איך אין פאגראם געראניעט געווארען אין פוס, געלעגען זעקס וואכען אין האספיטאל, און הינק עד היום, איז דאך אודאי גוט, וועט מען דאך מיר אודאי ניט אריינלאזען — און מיט די אויגען מיינע בין איך אויך געווען זיכער, אז זיי טויגען ניט פאר אמעריקע... איך האב דאס אלץ געוואוסט פון דער הצפירה. בין איך דאך געווען ביי מיר זיכער, אז מיך וועט מען שיקען צוריק און אהן מיר וואלטען די קינדער ניט געפאהרען — האב איך זיי געוואלט אבנארען. אויסען בין איך נאר געווען, אז זיי זאלען בלייבען אין אמע־ריקא, ווייל מען איז דעמאלט ניט געווען זיכער מיט'ן לעבען... איבערהויפט די טעכטער... א קלייניגקייט, אז עס איז הפקר...

— הייסט עס זענט איהר געפאהרען לכתחילה אז מען זאל אייך שיקען צוריק? — האב איך מיך שוין שטארק פער־וואונדערט.

— וואס דען? — האט זיך דער אלטער אנגעכאפט, — ווען איך וויים, אז מען לאזט מיך אריין, וואלט איך דען גע־פאהרען?... איך אין אמעריקע?... ווייזט זיך אבער ארויס, אז די הצפירה וויים טאקע און דאס האט זי גראד ניט געוואוסט... ס'הייסט די הצפירה איז ניט שולדיג... אריינלאזען האט מען טאקי לכתחילה מיך ניט געוואלט; אלא וואס דען? ווי באלד, אז איך האב געליטען פון פאגראם היים איך שוין א „פאליטי־שער“ — איהר פערשטעהט? און ווי באלד איך בין א פאליטי־שער קומט מיר שוין אריינלאזען... דא איז פונקט פערקעהרט... איך האב דערהערט דעם גזר איז מיר געווארען פינסטער אין די

אויגען. די קינדער פרעהען זיך, די אלטע פרעהט זיך און איך בין ווי צוטומעלט: מיין גאנצער פלאן, הייסט עס, איז צו נאר־נישט געווארען... ניט איינגעגעבען זיך... זיי א חכם און ווייס, אז אמעריקא האט אזוי פיעל יושר...

— איז דאך גוט — האב איך איהם געוואלט טרייסטען. ווי באלד אז דא איז אזוי פיעל יושר, היינט וואס בענקט איהר אהיים... ביי אונז אין דערהיים איז דאך ניטא פון דעם מין... היינט וואס בענקט איהר?

— וואס הייסט איך בענק... האט ער זיך געווענקעלט... עס איז גלאט ניט קיין דרך אויף דער עלטער צו לעבען אין אמעריקא... פאר מיר האט דאס ניט געפאסט... עס איז דען א לאנד?... איהר ווייסט — האט ער ענדליך צוגעגעבען, אמאל דאכט מיר, אז דא איז אלץ אויף צוכלומרשט... ס׳איז אלץ עפעס ניט דאס... דא איז דאך אויך דא א בית־מדרש... און א רב, און א שוחט, און א קצב... נאר ס׳איז אלץ אויף צו כלומרשט... ווי מיינט איהר? דאכט זיך עס אייך אויך ניט דאס זעלביגע?

ער האט אויף מיר א קוק געטהאן און האט דערזעהען מיין געראזירט פנים, האט ער אראבגעלאזען די אויגען און מעהר נישט געפונען קיין ווערטער...

איך האב שטיל אבגעזיפצט און געוואלט וואס זאגען, נאר עס איז צוגעגאנגען דער זוהן חיים, אהן א הימעל און מיך איינ־געלאדען צום טיש.

— און איהר? — האב איך שוואך געפרעגט, ווענדענדיג זיך צום אלטען.

— ניין, א דאנק, איך עס ניט קיין פלייש..

— און מילך אפנים עסט ער? — האט די אלטע זיך צוזיפצט... אלץ איז דא ביי איהם טרייף...

— טרייף? חלילה! — האט ער זיך אנגעכאפט — ווער זאגט דען?... נאר איך גלויב זיי נישט...

מיר האבען זיך געזעצט אלע ביין טיש... די קינדער האבען פרעהליך געפלוידערט. מיר אבער איז געווען עפעס נים צום מוט, און טיעף אין הארצען האב איך בעדויערט דעם אלטען, וואס דער מזל איז צו איהם געווען אזוי גרויזאם און מען האט איהם יא ארייגעלאזען אין דעם פרייען לאנד...

# א שאָפּ מיידעל.

דבורה איז שוין אכט יאָהר אין אַמעריקאַ. געקומען איז זי, אַז זי איז אַלט געווען 20 יאָהר. אַזוי האָט זי דאַמאָלס אַליין געזאָגט. איצט זאָגט זי, אַז זי איז געקומען, איז זי אַלט געווען זיעבצעהן יאָהר. דריי יאָהר וויל זי אראָבנעהמען, ווי זי וואָלט וועלען דערמיט גרינגער מאַכען די משא פון די יאָהרען. מענשען אָבער געדענקען גוט יענעמס יאָהרען און די פּאָר חבר'טעס און בעקאַנטע, וואָס דבורה האָט זיך דאָ אין פערשיע־דענע שעפּער און וואָהנונגען ערוואָרבען, שמייכלען אינעווייניג, ווען זיי הערען, ווי דבורה כאַפּט אראָב דריי קיילעבדינגע יאָהר, פּונקט, ווי דריי יאָהר לעבען אין ניו־יאָרק וואָלט געגאַנגען בּאַרפעס....

דבורה אַליין לאַכט אַמאָל אויף פון זיך, וואָס זי וויל פער־לייקענען דריי יאָהר. „וואָס איז די נפקא מינה — רייצט זי זיך מיט זיך אַליין — ווי פיעל דו ביזט אַלט: 25 יאָהר, צו 28. צו 25 יאָהר האָסטו אויסגעזעהען ניט בעסער ווי יעצט און ניט גליקליכער ווי יעצט, און קיין נאָהנטען מענשען ווי יעצט ניט געהאַט... און אַזוי וועט זיין אין דריי יאָהר אַרום, אין פינף יאָהר אַרום, אויב דו וועסט לעבען"...

„אויב דו וועסט לעבען" — דערמיט מיינט זי צו זאָגען זיך אַליין, אַז דער טויט שרעקט איהר ניט. כאָטש אויב שטאַר־בען — וואָלט בעסער געווען אין דער היים... ליעגען אויפ'ן ניו־יאָרקער בית־עולם מוז זיין אַ גוואַלד, ווי אומעטיג...

אַ היים אָבער וועט זי ניט פאָהרען. זי שעהמט זיך צו קו־מען אַהין. פאַר'ן אַלטען טאַטען־מאַמען ניט — פאַר שכנים

אָבער יאָ! אַט הערט זי שוין ווי זיי וואונדערן זיך: אוי, וואָס פון דבורה'ן איז געוואָרען!...

וואָס וואונדערן זיך די נאַראָנים! זיי מיינען, אז אכט יאָהר אַבאַרבייטען אין שעפער איז פון די גרינגע זאכען און דערצו נאָך אַנזאמלען דערפון פיער הונדערט דאָלער...

די פיער הונדערט דאָלער ציהט זיך דורך ווי א ווייסליכעס פאַסעלע אויף דעם שווארצען פאָן פון איהר לעבען...

באַלד אָבער דערטרינקט עס זיך אין די שווארצקייט. און ס'איז וויעדער דורכאויס שווארץ...

— וואָס דאַרף זי זיי, די פיער הונדערט דאָלער? אַמאָל האָט זי זיי נעהאַלטען פאר א חתן, איצטער: טאָמער ווערט זי קראנק און וועט ניט קענען ארבייטען...

ס'איז געווען א נארישקייט, וואָס זי האָט געזאַמעלט פאר א חתן. איצט זעהט זי ערשט, ווי זי האָט געלעבט אין טעות! פאר געלד קען מען קיין חתן ניט קויפען — א ליגען די מעשה. אָט האָט זי טאַקי יענע וואָך געלייענט, ווי איינער האָט זיך נעשאָסען פאר א מיידעל. ער האָט זי ליעב געהאַט און זי איהם ניט. נעמט ער און שיסט זיך... די מיידעל האָט קיין נדן געווים ניט געהאַט. ווער דאַרף האָבען איהר נדן? דער עיקר איז מען פערליעבט זיך...

דאָס פערליעבען זיך איז ביי איהר א רעטעניש: צוויי חבר'טעס,ביידע זיינען שעהן: איין חבר'טע האָט ארום זיך אפשר צעהן באָיעס, וואָס געהען אויס נאָך איהר, און די אנ־דערע געהט אום שטענדיג אליין און בעזוכט אַלע פערזאמלונגען, ליטעראַרישע אבענדען און אַלץ אליין...

זי געהט אויך אויף פערזאמלונגען. מען פערגעסט זיך אביסעל... אויף די פערזאמלונגען איז אבער אויך ניט גוט... איז לעדיג איז זעהר אומעטיג — זיץ אליין אויף א באַנק און קוק אויף די ווענד... איז פול, שטויסט מען דיך און מען איז דיך אין גאנצען מבטל, ווי אן איבעריגע...

מענשען זיינען עפּעס מאָדנע, אז זיי איז גוט פערגעסען זיי גאָר אָן דעם צווייטען. פאַר וואָס זיינען מענשען אזוינע שלעכ־טע ?

ווייסען ווייס זי אפילו יאָ דעם סוד נאָר זי האָט מורא זיך אליין עס צו ענטפּלעקען ! בגנבה זאָגט זי זיך אליין אוים. מענ־שען האָבען ליעב פרעהליכע, שעהנע, געזונדטע...

וואָס דארף זי מעהר ? זי האָט דאָ א קרובה, האָט די קרובה א זוהן, איז ער א מענש א דימענט, וועגען שעהנקייט רעדט זי שוין ניט. אמאָל קומט זי צו געהן, רעדט ער מיט איהר גאנץ פריינדליך. זי זעהט בעשיינפּערליך, אז ער האָט אויף איהר רחמנות... פון דעסטוועגען, אז עס קומט אריין צו איהם די יונגע שעהנע בעלא, טהוט ער זיך גלייך אָן, ער זעהט אוים דאמאָלס ווי א מאָנארכע ! און געהט מיט יענער אוועק... אמת, פאַר׳ן אוועקגעהן גיעט ער איהר, דבורה׳ן, די האנד און זאָגט איהר מיט א ליעבען שמייכעל: איהר וועט דאָ נאָך זיצען. איך וועל באלד קומען.. קומט אריין אַפּט...

אָבער איינלאַדען זי אויך געהן מיט איהם — דאָס האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געטהאָן, און א נאָהנטער קרוב !...

אמת, די מוטער זיינע, די קרובה, נעהמט איהר אויף פיין. נאָכדעם ווי דער זוהן געהט אוועק גיט זי איהר טהיי און לעגט אוועק אויפ׳ן טיש צוויי פּאָמעראנצען... דעם טהיי טרינקט זי נאָך אוים ווי עס איז א האלבע גלאָז, אבער צו די פּאָמעראנ־צען האָט זי שוין קיין מוטה ניט צוצושטעקען זיך: עס קריכט איהר ניט אין האלז..

— עס, דבורה, א פּאָמעראנץ, בעט פריינדליך די קרובה.

— איך דאנק אייך זעהר — ענטפערט דבורה שטארק גע־ריהרט, און זי ציטערט זי זאָל זיך ניט פונאנדערוויינען — איך מוז שוין געהן...

— וואָס איילסטו זיך ? — פרעגט די קרובה און ניט א געגנעץ...

— איך מוז מאָרגען פריה אויפשטעהן צו דער ארבייט...

— ארבייטסטו נאָך אלץ אין דעם זעלבינגען שאפ?—פרעגט די קרובה און לעגט ארויף די האנד אויפ'ן מויל, כדי ניט צו גענעצען...

— אלץ אין זעלבינגען שאפ — ענטפערט דבורה און זעגענט זיך אָב אהיים צו געהן — אלץ אין זעלביגען שאפ...

און אראָבגעהענדיג פון די שטיגען, בלייבט זי שטעהן און רעדט ארויס ווידער, ווי זי וואָלט אימיצען געענטפערט:

— אלץ אין זעלביגען שאפ...

# די צוויי ארבייטער מיידלעך.

דאָס זיינען געווען צוויי אידישע ברונעטקעס מיט אַ איד־דישע אוינגען, אידישע נעזלעך און אידישע בעוועגונגען. איינע, נעלי, אַלט אַ יאָהר צוויי און צוואַנציג; די אנדערע, איידע, עפּ־וואָס אינגער. אין באָרדינג הויז, ביי דער פאָרם זיינען זיי ביים טיש געזעסען שטענדיג צוזאַמען. רעכטס, נעבען נעלין, איז גע־זעסען מר. קאָהן; לינקס — נעבען איידען — מר. קווין, מיט וועלכע זיי פלעגען אין צייט פון עסען פלירטעווען אויף׳ן „אמע־ריקאנישען שטייגער“; קוויטשען, לאַכען און פּאַטשען זיך אי־בער די הענטלעך.

איך בין געזעסען קעגען־איבער, — אַזוי האָט מיר די ווירד־טהין בעשטימט. איך רעד עס בפירוש אויס, כדי מען זאָל מיר ניט חושד זיין, אַז איך האָב דאָס אַליין געוואָלט... פּערקעהרט, די דאָזיגע צוויי מיידלעך האָב איך שטאַרק ניט „געגליכען“. צופיעל האָבען זיי מיר פערלעצט מיינע עסטעטישע און נאַציאָ־נאַלע געפיהלען. ערשטענס האָב איך שטאַרק פיינט געהאַט זייערע גרויסע „פּאָוס“ אויף זייערע קליינע קעפּלעך, געמאַכט פון ביליגע האָר, וועלכע האָבען מיר דערמאָהנט אָן די האָר פון פּערדישע עקען. פון וועלכע איך האָב אינגעלוויוז געמאַכט סטרו־נעס אויף די הילצערנע פידעלעך. צווייטענס — זייער שטענדיג ענגליש רעדען, ניט וועלענדיג נעמען קיין אידיש וואָרט אין מויל, כאָטש ווי איך האָב געוואוסט פון אַ ריכטיגע קוועלע, האָבען זיי געשטאַמט פון אידיש־שפּרעכענדע עלטערן אויף מעדיסאָן סטריט.

און דריטענס — און דאָס איז די הויפּט־זאַך — האָב איך זיי ניט געגליכען דערפאַר, ווייל זיי האָבען מיך ניט געגליכען פאַר מיינגרינקייט, ווייל איך האָב שטענדיג גערעדט אידיש. ניט אויסגעטהאָן אין הייסע טעג דעם ראָק, ווי מר. קאָהן און מר. קווין, און ניט געשפּיעלט אין באָל נאָכ'ן עסען. די דריי זיינר האָבען זיי מיר נישט געקענט מוחל זיין. נאָך מעהר האָב איך זיך צום סוף פערזינדיגט דערמיט, וואָס איך האָב אַרויסגעזאָגט אַ זעהר ווילדע מיינונג, נעמליך: אַז אין אייראָפּאַ איז מען ציוויליזירטער ווי אין אַמעריקאַ.

דערהערט פון מיר די דאָזיגע מיינונג אין אידיש, און גוט פערשטעהענדיג עס, האָבען זיי זיך דאָך געווענדעט, איינע צו מר. קאָהען, די צווייטע צו מר. קווין, יעדער זאָל זיי זאָגען וואָס זאָג איך.

— ער זאָגט — האָט מר. קאָהען פון דער רעכטער זייט איבערגעגעבען זיין „ליידי“, — ער זאָגט, אַז די אַמעריקאַנער דאַרפען זיך לערנען ביי די אייראָפּעער.

— ער זאָגט, — האָט מר. קווין פון דער לינקער זייט איבערגעזעצט פאַר זיין „ליידי“ — אַז די אייראָפּעער זיינען עדעלער פאַר די אַמעריקאַנער.

אַ געלעכטער האָט פערטויבט אַלע געסט וואָס זיינען געזעסען ביים טיש.

— אויב אַזוי — בין איך בייז געוואָרען, — וועל איך אייך נאָך מעהר זאָגען, — איך האָב זיך אויפגעפלאַמט און האָב באַלד אַרויסגעשאָסען:

— וואָרים אַ בעווייז האָט איהר, אַז די רייכע אַמעריקאַנער פאָהרען זיך לערנען איידעלע מאַניערען אין יוראָפּ — צו אונז!...

מר. קאָהען און מר. קווין האָבען עס ווייטער פערטייטש פאַר די צוויי „גוירלס“ פון רעכטס און פון לינקס, און מיין מפּלה איז שוין פאַלקאָם געוואָרען: אַנשטאָט צו לאַכען זיינען

זייערע אויגען אנגעפילט געווארען מיט האס און איינע האט צו דער אנדערער געשיפּט:

— א גרינהארן! רעד מיט איהם ניט!

און פון דאן האבען זיי שוין אויפגעהערט צו קוקען אין מיין זייט, ווי זיי וואלטען מיר אין גאנצען איגנארירט.

נאכ'ן עסען, ווי געזאגט, פלעגען די דאזיגע צוויי מיידלעך שפּיעלען אין באל, זינגען ניגער־ליעדלעך און טאנצען די אמע־ריקאנער טענץ, ארויסווארפענדיג איין פוס אין מזרח־זייט, די אנדערע אין מעריב זייט. אן עקעל פלעגט מיך אנכאפּען צוקו־קענדיג עס און אונזער נעגענזייטיגע פעראכטונג איז געוואקסען פון טאג צו טאג.

אין צוויי וואכען ארום נאך מיין אנקומען אהער, האב איך בעמערקט, אז די צוויי מיידלעך ווערען פון טאג צו טאג טרויע־ריגער און ערנסטער. דער האס אין זייערע אויגען איז פער־שוואונדען, און עס האט פּאסירט אז אמאל איינע, אמאל די אנ־דערע האט זיך צו מיר געווענדעט, זיצענדיג ביי דינער ביים טיש, איך זאל איהר דערלאנגען דעם קרוג וואסער.

— פּליעז, גיוו מי דהי וואדער!

איך בין מיך מודה, אז איך האב עס געהאלטען פאר א שטי־קעל זכיה: אמעריקאנער מיידלעך אין פּאווס ווענדען זיך צו מיר אין ענגליש. און ווערענדיג ווייזען אז איך בין א דזשענטעל־מען, האב איך שנעל ערפילט די ביטע.

נאך דינער האבען זיי שוין אין באל זיך ניט געשפּיעלט. טרויעריג זיינען זיי געזעסען אויף דער וועראנדע, צוגעטוליעט איינע צו דער אנדערער, און האבען עפּעס ערנסט געשמועסט.

איך האב זיך געזעצט נישט ווייט פון זיי און זיי בעטראכט.

— וואס איז מיט זיי פּלוצים געשעהן? — וואו איז אהינ־געקומען זייער פרעהליכקייט?

איך האב מיט אנטהייל זיי אנגעקוקט, ווי איך וואלט גע־פרעגט דערמיט די אורזאכע.

ענדליך האָב איך צו מײַן גרױס איבעראַשונג, דערהערט װי אײנע פון די צװײ רופט זיך אָן צו מיר אין אַ געבראָכן אידיש:

— אין ניו יאָרק הײנט זעהר הײס.

— אַ, יאָ, יאָ! הײס, אין פײפּער שרײבט מען, אַז נעכ־טען האָט די היץ געהאַלטען הונדערט אין שאָטען.

— דו הערסט, — האָט זיך אײנע געװענדעט צו דער אַנדערער.

— װאָס קען מען העלפען?...

נאָך אַ קורצעם שװײגען האָט אײנע פון זײ מיך אָנ־געקוקט, און װי נאָך אַ לאַנגען ישוב הדעת, מיך הכנעה'דיג געפרעגט:

— איז אין יוראָפּ אױך אַזעלכע היצען?

די דאָזיגע פראַגע האָט מיך געקיצעלט: אַט איצט זענט איהר אין מײנע הענד! — האָב איך אין געדאַנק טריאומפירט. װאָס דען? אַזױנע היצען װי דאָ! — האָב איך זיך געװאָלט רײצען מיט זײ פאַר זײער נישט װעלען אַנערקענען יוראָפּ.

איך האָב אָבער זײ אָנגעקוקט און בעמערקט אין זײערע אױ־גען אַ מין שרעק.

— נאַטירליך, נישט װי דאָ, אָבער זומער איז איבעראַל הײס.

מײַן װײַכער טאָן האָט זײ גאָר גוט אױפגעלעגט צו מיר, און די אינגערע, אײדע, האָט צו מיר זיך אָנגערופען:

— װי לאַנג דו פון יוראָפּ?

דער „דו“, װאָס איז געזאָגט געװאָרען גאַנץ אונשולדיג, בלױז אַ דאַנק דעם װאָס זי װײס ניט פון „איהר“, האָט מיך דאָך געריהרט. איך האָב אָנגעקוקט דאָס שװאַרצע מײדעלע מיט'ן קלײן פּנים'ל און גרױסע פּאָװס, און האָב מיך מודה גע־װען:

— פיער מאָנאַטען.

מיין ענטפּער האָט זיי ביידען איבערראַשט. אַזוי גרין האָ־בען זיי, ווייזט אויס, זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען. זיי האָבען זיך ווי פערשעהמט איבערגעקוקט און אראָבגעלאָזט די קעפּלעך.

אָבער באַלד האָט נעלי מיך אַנגעקוקט און זיך געווענדעט צו מיר מיט אַ פראַגע:

— האָסט אַזאַ גוטען דזשאָב — קענסט אויף קאַונטרי זיצען ?...

— איך ? — האָב איך געשטאַמעלט, פערשעהמענדיג זיך, — אַ, איך קען...

— און מיר מוזען פאָהרען מאָרגען צוריק אין ניו־יאָרק,— האָט איידע נאַאיוו זיך מודה געווען.

— איהר ארבייט ? — האָב איך מיט אַנטהייל געפרעגט.

— שור ארבייט איך ! — האָט איידע, ווי בייז, געענט־פערט...

— אין אמעריקא מוז מען ארבייטען ! — האָט נעלי אונ־טערגעהאָלפען און איהר שטימע האָט געקלונגען צורייצט...

איך האָב געוואָלט איהר צוגעבען, אַז ארבייטען מוז מען. שור... וואָס דען... זאָל זי ניט מיינען, אַז איך בין חלילה אַזאַ גרינהאָרן, וואָס ווייס ניט, אַז מען דאַרף ארבייטען; נאָר די ווירטהין פון הויז, אַ יונגע פרוי, מיט גוטע שוואַרצע אויגען, איז צוגעגאַנגען צו אונז, עפּעס זיי דערלאַנגט אַ פּאַפּיערעלע און געזאָגט אין ענגליש:

— אָט האָט איהר אייער ביל...

די ביידע מיידלעך האָבען אויסגעשטרעקט די הענט צום ביל, און גלייך איבערגעקוקט דעם חשבון. באַלד האָט זיך נעלי אָנגערופען:

— אָללרייט !... — און האָט אַ זיפץ געטהאָן.

— פאָהרט איהר מאָרגען נאָך דינער ? — האָט די פרוי געפרעגט.

— יעס, נאָך דינער... — האָט נעלי נעענטפערט, און גע־וואָרפען אַ בליק אין דער ווייט, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט אָנ־זעטיגען מיט׳ן שעהנעם געגענד, וואָס איז געלעגען אויסגע־שפּרייט ארום און ארום...

די פרוי איז געבליבען שטעהן אַהן ווערטער, ענדליך האָט זי בעמערקט, קוקענדיג דאָ אויף איידען, דאָ אויף נעלין:

— איהר׳ט זיך אין די צוויי וואָכען פיין געפיקסט...

נעלי איז פון דער בעמערקונג פרעהליכער געוואָרען, און זי האָט איבערגעפרעגט:

— געפיקסט... יאָ, מיר דאַכט...

איידע האָט אָנגעטאָפּט מיט די קליינע הענטלעך דאָס פּנים׳ל און נאאיוו געפרעגט:

— און איך ?

— אָ, איהר אויך... — האָט די פרוי גוטמוטהיג געשמייכעלט. — איהר קוקט פיין...

— נעלי, — האָט זיך איידע געווענדעט צו איהר פריינדין, — מיר וועלען זיך מאָרגען אין דיפּאָ אָפּווענען...

— אָלל־רייט ! — האָט נעלי צוגעגעבען.

איך האָב דעם גאַנצען שמועס צוגעהערט מיט גרויס אינ־טערעס. די דאָזיגע צוויי מיידלעך ,וועלכע האָבען מאָרגען געמוזט אוועקפאָהרען, האָבען מיך טיעף געריהרט. איך האָב זיי אין הארצען מוחל געווען זייער פריהערינגעס בענעהמען זיך, און האָב אנשטאט זייער פריהערדיגען האָס, דערפיהלט צו זיי אַ גרויס רחמנות:

און וואָס אַרט מיר וואָס פאַר אַ שפּראַך זיי רעדען, און וואָס פאַר אַ האָר זיי טראָגען ? האָב איך זיך גע׳מוסר׳ט,—אי־בערמאָרגען וועלען זיי אין אַזאַ היץ אין שאָפּ שטעהן, און אר־בייטען, און עס וועט זיי פעהלען לופט צו קענען אָטהעמען.

איך האָב געוואָלט זיך ווענדען צו זיי מיט עפּעס א פראַגע. נאָר באַלד איז אָנגעפאַהרען די פוהר, וואָס האָט געבראַכט פון סטיישאָן נאָך נייע געסט.

פון וואַגען איז אַראָבגעקראָכען א דיקע פרוי מיט צוויי קינ־דער, קליינע מיידעלעך פון א יאָהר זיעבען און ניין.

די פרוי פון הויז איז זיי ענטקעגען געלאָפען און זיי גע־האָלפען אַראָבנעהמען די געפּעק.

באַלד איז זי פאַרגעשטעלט געוואָרען פאַר די באָרדערס פון פאַרם.

— הייס אין ניו יאָרק? — האָט נעלי געפרעגט.

— אַך, וואָס פאַר א היץ! אונמעגליך צו לעבען! — האָט די נייע באָרדערקע מיט שרעק איבערגעגעבען — איבער פופ־ציג מענשען זיינען געפאַלען... וועגען פערד איז שוין גאָר קיין צאָהל נישטאָ — זיי פאַלען ווי פליגען.

איך האָב בעמערקט ווי נעלי מיט איידען האָבען א ציטער געטהאָן...

— ס'איז ניט אַזוי שרעקליך... — האָב איך זיי שטיל גע־טרייסט, — אַלטע לייט שטאַרבען סיי ווי סיי, שרייבען די פּיי־פּערס אַז דאָס איז פון היץ... ס'איז א בלאָף...

מיינע ווערטער האָבען קענטיג געווירקט. דען איך האָב גע־זעהן ווי די צוויי מיידלעך האָבען זיך ווי בערוהיגט פון דעם ערשטען איינדרוק, וואָס די ערשט אָנגעקומענע פרוי האָט אויף זיי געמאַכט מיט זייער שווערען גרוס...

---

אויף מאָרגען איז געווען די היץ אונערטרעגליך. די זון איז געשטאַנען הויך אויפ'ן הימעל און פון דאָרט מיט א זיכערע און פעסטע רוהיגקייט געשאָסען מיט ברענענדע שטראַהלען. די געסט פון באָרדינג הויז זיינען אַלע ווער געזעסען, ווער געלעגען צווי־שען די בוימער אָדער העמאַקען, און מען האָט זיך געפוילט אפילו צו רעדען איינע מיט די אַנדערע.

נאָר די צוויי מיידלעך, נעלי און אײדע, האָבען ארומגע־שמייעט פון הויז אין זייער רום און פון רום צוריק; האָבען זיך געפּאקט אין וועג אריין און געווישט דעם שווייס פון זייערע מאָגערע געזיכטער...

ענדליך האָט דער גלאָק גערופען צו דינער.

אין עס־צימער איז געווען שרעקליך היים. די געסט האָבען געטריבען גיכער צו דערלאנגען דאָס עסען, כדי צוריק ארויסצוגעהן אונטער׳ן פרייען הימעל — אזוי שטיקענד איז געווען אין צימער. איך בין געזעסען, ווי שטענדיג, קעגען איבער די צוויי מיידלעך און האָט ניט אראָבגענומען פון זיי קיין אויג.

זיי זיינען געזעסען ווי פער׳משפּ׳טע. אין זייערע שווארצע אויגען האָט מען דייטליך געזעהן א ווילדען שרעק ארומלויפען; און אָט האָב איך געהערט ווי אײדע האָט זיך שטיל אָנגערופען צו נעלין:

— מוזען מיר טאקע היינט פאָהרען ?

נעלי האָט דערויף גאָר ניט געענטפערט. זי האָט גאָר א שטומען פארוואורף אויף איהר פריינדין געוואָרפען, ווי זי וואָלט געזאָגט:

— קענסט לענגער בלייבען ?...

נאָך דינער בין איך ארויס אויף דער וועראנדע. די פוהר איז שוין געשטאַנען גרייט צו נעהמען די צוויי מיידלאָך.

טרויעריג זיינען די צוויי, צום וואָגען געשפּאנטע פערד געשטאַנען מיט אראָבגעלאָזטע קעפּ, און האָבען געוואָרט מיט פילאָזאָפישער געדולד.

באלד זיינען ארויס נעלי און אײדע. נאָך זיי די פרוי פון הויז.

— ווער פאָהרט בעגלייטען ? — האָט די פרוי פריינדליך זיך געווענדעט צו די ארומיגע.

אלע האָבען געשוויגען.

— מר. קווין, איהר פאָהרט? — האָט די פרוי געפרעגט, ווענדענדיג זיך צו א הויכען, געזונדען יונגאַטש, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וועראַנדע אָהן א ראָק, מיט פערקאַטשעטע אַרבעל פון העמד ביז די עלענבויגענס, אזוי, אז עס האָבען זיך ארויסגעזעהן זיינע פעסטע הארטע מוסקולען, מיט וועלכע ער האָט קענטיג, שטאַרק שטאָלצירט — איהר פאָהרט בענלייטען?

— צו היים, — האָט ער קאַלט געענטפערט.

אויך מר. קאָהען, א ניעדעריגער אבער פעסטער באַי, אין זעלבען אנצוג ווי מר. קווין, האָט זיך ענטזאַגט:

— אך, מיין גאָט! יעצט פאָהרען! בין איך פעררייקט!

— און איהר, גרינהאָרן? — האָט די פרוי לאַכענדיג צו מיר זיך געווענדעט.

— איך פאָהר מיט פערגניגען! — האָב איך זיך אָנגע־כאַפּט.

איידע מיט נעלין האָבען זיך אָנגעקוקט. נאָכהער האָבען זיי זיך צו מיר געווענדעט מיט די בליקען, און נעלי האָט זיך אָנ־גערופען:

— ס'איז דאָך היים!...

— אַ, עס מאַכט ניט... — האָב איך געשטאַמעלט, — היים!... וואָס הייסט היים... איך וועל אייך בעגלייטען.

זיי האָבען זיך שטיל אָבגעזעגענט מיט די פערבליעבענע געסט, מיט מאַנכע זיך צוקושט. מר. קווין האָט לאַכענדיג גע־זאָגט:

— מיס נעלי, מיט מיר צוקושען זיך?

— מיס איידע, איהר מיט מיר? — האָט מר. קאָהען אָנ־געשטעלט שפּאַסענדיג די רעכטע באַק.

די מיידלעך זיינען רויט געוואָרען און נעלי האָט בייז גע־זאָגט:

— שאַט־אַפּ!

זיי האָבען זיך אריינגעזעצט אין וואגען. דער פוהרמאן, א הויכער דארער איירישמאן, האָט גענומען די געפעק, אוועקגע־לעגט הינטען. באלד בין איך ארויף און זיך געזעצט נעגען אי־בער נעלי און איידע, אזוי אז מיר דריי זיינען אויסגעקומען ווי א סגל.

די פרוי פון הויז האָט זיך געזעצט נעבען פוהרמאן.

— גוד־באי! — האָבען די מיידלעך מיט פערשטיקטע שטימען אראָבגעשריען פון זיין.

— גוט־באי! גוד־באי! — האָבען די ארומיגע אבגע־ענטפערט. דער וואָגען האָט זיך גע׳ריהרט.

---

אז די פוהר איז געקומען צום סטיישאָן איז נאָך געבליע־בען א האלבע שטונדע צום צוג. אין דיפאָ־געביידע איז געווען א שטיקענדע היץ. די בוימעלעך ביים דיפאָ זיינען געשטאַנען אונבעוועגט, ווי פער׳חלש׳ט, און האָבען זיך ניט געריהרט מיט קיין בלעטעל...

נעלי און איידע, וועלכע זיינען געווען די איינציגע פאַ־סאזשירען, האָבען גלייך געקויפט טיקעטס, און האָבען מיט אונ־גערולד געוואָרט אויף דעם צוג...

זיי האָבען גאָר נישט גערעדט... זיי זיינען נאָר ארויסגע־גאנגען הין און צוריק, און פון צייט צו צייט צוגעוואָרפען מיר א בליק...

ענדליך איז זייער בליק געפאלען אויף דער וואַג.

— נעלי, אָט איז א וואָג! קום זיך וועגען! — האָט איידע אויסגערופען.

נעלי האָט א מאַך געטהאָן מיט דער האנד, ווי געזאָגט: וואָס מאכט עס אויס? דער שאָפּ וועט שוין אָבנעהמען דאָס ביסעלע צוגעקומענע.

דאָך איז זי אַרויפגעגאַנגען אויף דער וואָג, אַריינגעוואָרפען אויבען אין שפּאַלט אַ ניקעל און זיך צוגעקוקט:

—115 פונט! דריי פונט צוגעקומען,—האָט זי געמאָלדען.

— און איך? — האָט זיך איידע אָנגעכאַפּט, איז אויך אַרויף אויפ'ן וואָג, אַריינגעוואָרפען אַ ניקעל און זיך צוגעקוקט:

— נעלי, וויפיעל וועג איך?... איך פערשטעה ניט.

נעלי האָט בעטראַכט די ציפער און בעשטימט:

— 112... וויפיעל האָסטו פריהער געוואויגען?...

— איך אַזוי, — האָט איידע טרויעריג געענטפערט, — וואָס הייסט עס, גאָר ניט צוגעקומען!

זי האָט געוואָרפען אַ בליק ווי מיט פאָרוואורף אויף דער פרוי פון הויז, וועלכע איז צוגעגאַנגען און ווי פערשולדיגט געזאָגט:

— ווייס איך... ווער האָט אייך געהייסען אַזוי פיעל וואַקען?...

איבערינגענס האָט זיי דאָס וועגען אביסעל צושטרייט. איך האָב בעמערקט און עס האָט מיך געפרעהט.

— נישקשה, איהר וועט זיך אין ניו יאָרק פיקסען, — האָב איך אַריינגעוואָרפען אַ פראַזע.

זיי האָבען מיך אָנגעקוקט ווי משוגע, און נעלי האָט זיך אָנגערופען צו דער פרוי:

— אַ גרינהאָרן...

איך האָב מיך אָבער ניט בעליידיגט. אין געגענטהייל. איך האָב דערפיהלט צו די צוויי מיידלעך ווי איך בין זיי עפּעס אַ סך, אַ סך שולדיג... און אַ פערשולדיגטער בין איך געבליבען שטעהן וואַרטען אויפ'ן צוג.

ענדליך איז דער צוג אָנגעקומען.

די צוויי מיידלעך זיינען ווי צוטומעלט געוואָרען. זיי האָבען זיך שנעל און מיט פערצווייפלונג גענומען זעגענען מיט דער פרוי.

די פרוי האָט זיך מיט יעדער ארומגענומען און צוקושט.
איך בין געשטאַנען און געוואַרט...
— נו, מיסטער, גוד־באַי! — האָט מיך נעלי אויסגעצוי־גען די האַנד.
— גוד באַי! גוד באַי! — האָב איך מיך צוטומעלט...
— גוד־באַי! גוד־באַי! — האָט אויך איידע דערלאַנגט מיר איהר הענטעל...
איך האָב זי שטאַרק, שטאַרק געדריקט...
איך האָב אָבער דערפיהלט א נויטיגקייט צו צוקושען זיך מיט די צוויי מיידלאַך... און נאָכדעם, ווי מיר האָבען זיך אָב־געזעגענט און זיי זיינען אריין אין וואַגאָן, בין איך אַלע גע־שטאַנען און געפיהלט אז די דאָזיגע צוויי מיידלאַך, זיינען מיינע שוועסטער, כאָטש זיי רעדען נישט מיין שפּראַך און זיינען גע־בוירען אין אַן אנדער לאַנד!
און צולעגענדיג מיינע פינגער צום מויל, האָב איך זיי צו־געשיקט א קוש אין דער לופט.
די טריין האָט זיך גערירט און האָט מיין קוש מיטגענומען און ווי דערטרונקען איהם אין א געדיכטען נעבעל פון רויך און דאַמפף, און האָט איהם פערשריען מיט ווילדען ליאַרמען...

# צוקונפטס־אַרטיקלען.

דער רעדאַקטאָר פון דער טעגליכער ציַיטונג „דער וועלט־קוריער“, א מאַן פון אונבעשטימטען עלטער און אונבעשטימטע איבערציַיגונגען, איז זיך בעגאַנגען מיט זיַינע מיטאַרבייטער זעהר שטרענג. די יענינע מיטאַרבייטער, וואָס האָבען בעפאָר געאַרבייט אין געוועהנליכע שעפער, האָבען דעם רעדאַקטאָר פערגליכען צו א פאָרמאַן אין ניט קיין יוניאָן שאָפּ.

אין אמת׳ן אבער האָבען די מיטאַרבייטער, דאָס רוב פער־ביטערטע מענשען, א דאַנק די קאַרגע געהאַלטען און שלעכטע מאַגענס — די זאַך איבערגעטריבען. דער רעדאַקטאָר האָט קיינמאָל ניט געפאָדערט די אַרבייט זאָל זיַין שעהן, ווי דאָס פלעגען פאָדערען געוויסע פאָרלייט. זעלטען ווען ער האָט געהייסען אַן אַרטיקעל איבערשריַיבען, צוגעבען מעהר גלאַנץ, אויספּרעסען די שפּראַך עס זאָל זיך לעזען גלאַטער, אדער אמאָל אָבשטעפּען א שטיקעל נייעס, אז די וואַהרשיַינליכקייט זאָל זיך בעסער האַלטען. פערקעהרט, די אַלע זאַכען זיַינען איהם כּלל ניט אָנגעגאַנגען. די עלטערע מיטאַרבייטער האָבען זאָגאַר אין דער שטיל געשמועס׳ט, אז וואָס דאָס אַרטיקעל אָדער שטיקעל נייעס איז טאָנדעטנער געשריבען, איז דער רעדאַקטאָר אַלץ מעהר צופריעדען. עס האָט ניט איינמאָל פּאַסירט, אז דער רע־דאַקטאָר האָט שעהנער געשריעבענע אַרטיקלען צוריקגעוויזען פערקרימענדיג זיך: — אונזער ציַיטונג איז ניט פאַר דער אינ־טעליגענץ: אזוינס וועט דאָס פאָלק ניט פערשטעהן!

וואָס דער רעדאַקטאָר האָט שטרענג געפאָדערט איז גע־וועזן נאָר — פּינקטליכקייט...

— מיר זיינען ארומגערינגעלט פון אַלע זייטען מיט שונאים! האָט ער געדונערט, ווען אַ שטיקעל נייעס איז ניט צו דער צייט פּאַרטיג געוואָרען, מיינענדיג מיט דעם וואָרט שונאים די איבעריגע צייטונגען — אַלץ וואָס האָט פּאַסירט אין דער וועלט און אין אונזער לאַנד און אין אונזער שטאָדט, מוז זיין ביי אונז פריהער ווי ביי יענע באַנדיטען.

און גלייך ווענדעט ער זיך צום עלטסטען רעפּאָרטער:

— געוועזען אין פּאָלים סטיישאָן?

— געוועזען...

— נו, עפּעס דאָ אונגליקען, מערדערייען, פערברעכענס...

— יאָ... אַן אויטאָמאָביל האָט איבערגעפאָהרען אַן עלטע־רען אידען...

— אויף טוידט? — פרעגט דער רעדאַקטאָר קאַלט־בלוטיג...

— עס איז נאָך אומבעשטימט... שווער פערוואונדעט...

— שטערבליך! — פעררוכט דער רעדאַקטאָר... — ווייטער!...

— אַ פייער אין ברוֹנזוויל...

— מענשליכע קרבנות דאָ? — דורשט דער רעדאַקטאָר...

— ניין! מען האָט אַלע געראַטעוועט...

— הם.. געראַטעוועט... איז דער רעדאַקטאָר ניט צופריע־דען — ניט וויכטיג...

— אַ פיערצעהניעהריג מיידעל פערנאַרט פון אַ זעכציג־יעהריגען מאַן...

— וויכטיג! — בעשטעטיגט דער רעדאַקטאָר. — אויפ'ן ערשטען פּיידזש, דאַבל־קאָלום־קעפּיל...

און ער געהט צו צום צווייטען מיטאַרבייטער:

— מעקסיקאַ בונטעוועט זיך ווידער... — מעלדעט דער מיטאַרבייטער מיט שרעק, פּונקט ווי ער אַליין וואָלט דעם בונט געמאַכט...

— אַ קליין אַרטיקעל וועגן דעם!

— איך וועל אָנשרייבן! איז זיך מכין דער מיטאַרביי־טער...

— אָנשרייבן!.. — קרימט זיך דער רעדאַקטאָר. — עס דאַרף ליגען פאַרטיג אַזוינע מינים אַרטיקלען.

— ווייס איך... פאַרענטפערט זיך דער מיטאַרבייטער — איך האָב גראָד אָנגעגרייט אַן אַרטיקעל וועגן אַ שטילשטאַנד אין מעקסיקאַ...

— עס דאַרף זיין אָנגעגרייט אַרטיקלען אויף אַלע פאַלען... ערקלערהרט דער רעדאַקטאָר — אין גרויסע צייטונגען זיינען דאָ אָנגעגרייט אַרטיקלען אויף אַלץ וואָס עס קען פּאַסי־רען...

— אַזוינע אַרטיקלען האָב איך! — האָט זיך אָנגערופען אַ קליין־מענשעל, וואָס האָט אויסגעזעהען ווי אַ פּרוש אין אַ פאַרצייטיגען בית־מדרש׳ל, אָבער אין זיינע אויגען האָט גע־גליהט עפּעס אַן אונהיימליך פייערל...

דאָס איז געוועזן דער ראָמאַן־שרייבער פון דער צייטונג, וועלכער האָט אָבער אויך געמוזט אַלע טאָג געבען אַן אַרטיקעל איבער אַ פראַגע — סתם אין דער וועלט אַריין...

דער רעדאַקטאָר איז צו איהם צוגעגאַנגען, איהם אָנגע־קוקט און געפרעגט:

— וועלכע אַרטיקלען, למשל, הא טאיהר פאַרטיגע?...

— איך האָב פאַרטיג אַן ערד־ציטערניש אין קאַליפאָר־ניע, אין סיציליע, איבער אַ קלענערע ערד־ציטערניש אין איי־ראָפּאַ, וואָס וועט דאָך אַמאָל מוזען פאָרקומען...

— דאָס איז שעהן! האָט דער רעדאַקטאָר געריהמט פאַר דער פּינקטליכקייט.

— איבער וואָס האָט איהר נאָך — האָט ער ווערענדיג נייגיעריג נעפרעגט:

— איך האָב אַן אַרטיקעל איבער אַ פערפלייצונג אין ניו־יאָרק... אַן אַרטיקעל איבער דער אויסנעלאָשענער זון, איבער דעם קאָמעט ב... וואָס דאַרף אמאָל אַראָבפאַלען אויף דער ערד און צושמעטערען זי...

— פיין! פיין! — האָט דער רעדאַקטאָר זיך ענטציקט.

— איך האָב פאַרטיג נעקראָלאָגען אויף די גרעסטע לייט פון דער וועלט, וואָס זיינען עלטער פון פופציג יאָהר און קען־נען אַ ליאָדע טאָג שטאַרבען... זייערע אויספיהרליכע ביאָגראַ־פיען, מעלות און חסרונות, זייערע טוגענדען און פערדאָרבענע זיטען...

— אויף וועמען, למשל? איז דער רעדאַקטאָר נאָך נייגע־ריגער געוואָרען, אבער ער האָט שוין דערפיהלט אַן אונהיימליכ־קייט.

— אויף וועמען? אויף אַלעמען! — האָט דער מיטאַר־בייטער אויסגערופען מיט גרויס בענייסטערונג און זיינע אויי־גען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט אַ מאָדנעם פייער. — איך האָב פאַרטיג נעקראָלאָגען אויף וועלט־הערשער, גרויסע מיליאָ־נערען, בעריהמטע באַנקירען, גרויסע ערפינדער פון לופט־באַ־לאָנען... פון אייראָפּלאַנען, פון צעפּעלינגס...

— געפעהרליכער מאַטעריאַל! — האָט דער רעדאַקטאָר מיט דייטליכען שרעק אָנגעקוקט זיין מיטאַרבייטער, וועלכער איז נעזעסען און האָט רוהיג געשמייכעלט, בליצענדיג מיט די אויגען ווי אַ חיה, וואָס קוקט אַן איהר רויב.

— אך! האָט דער מיטאַרבייטער איהם בערוהיגט — איך האָב געלאָסענעם מאַטעריאַל אויך... ביי מיר, למשל, זיינען דאָ פאַרטיג אַ רייהע נעקראָלאָגען איבער גרויסע דיכטער, שריפט־שטעלער און רעדאַקטאָרען...

דער רעדאקטאָר איז דאָ רויט און דאָ בלאַס געוואָרען, האָט פערביסען די ליפּען, א הוסט געטהאָן און בעמיהענדיג זיך צו שמייכלען האָט ער א מורמעל געטהאָן:

— אזוי — רעדאקטאָרען אויך?... די עלטערע, הייסט עס.

— יא, די עלטערע... — האָט דער מיטארבייטער נאָכגעגעבען און האָט אראָבגעלאָזט די אויגען צו דער ערד...

— האָפענטליך, האָט איהר מיך נאָך ניט בעעהרט מיט א נעקראָלאָג... האָט דער רעדאקטאָר געשמייכעלט און פאַרשענדיג אָנגעקוקט דעם מיטארבייטער...

דער מיטארבייטער, וועלכער האָט דוקא געוואָלט ארויסווייזען זיין גרויס פערעהרונג צו זיין רעדאקטאָר, האָט דאָך אין דעם פאַל ניט געוואוסט ווי צו האנדלען. אבער דער אינסטינקט פון זעלבסטפערהיטונג האָט איהם אונטערגעזאָגט, אז כאָטש דער רעדאקטאָר איז עהרגייציג, זאָל ער בעסער ענטפערען ניין... אבער אום דעם רעדאקטאָר אינגאנצען ניט צו פערשעמען, וואָס איהם האָט ער דורכגעלאָזט האָט ער דיפּלאָמאטיש געענטפערט:

— פאַר אייך, הערר רעדאקטאָר, האָב איך אָנגעגרייט א יובילעאום־ארטיקעל...

דעם רעדאקטאָר איז אראָב א שטיין פון הארץ... ער איז געוואָרען, ניט נאָך זיין שטייגער ווייך געשטימט, האָט זאָגאָר א שמייכעל געטהאָן און ווי פאַר זיך א מורמעל געטהאָן:

— ווי ווייט איז אייגענטליך א יובילעאום פון א נעקראָלאָג...

---

און דעם דאָזיגען טאָג איז דער רעדאקטאָר געווען אין א בעזונדער ווייכער שטימונג. האָט ניט געפאָדערט קיין פּינקטליכקייט, פאַר וואָס די מיטארבייטער האָבען איהם געוואונשען אין הארצען לאנג לעבען...

זיין אײנעם ארטיקעל, וואָס ער האָט אין יענעם טאָג גע־שריבען האָט זיך אויסגעצייכענט מיט א געוויסען גוטמוטיגען יאוש, איבער די צײלען האָט געשוועבט א לייכטער הומאָר און אין מאנכע שטעלען האָט געקלונגען א פילאָזאָפישע נאָטע...

דאָס איז געווען דאָס אײנציגע ארטיקעל, זייט די צייטונג האָט עקזיסטירט, וואָס די לעזער האָבען ניט פערשטאַנען...

## וויכטיגע מיטינגען.

נאך דעם קליינעם סאפער, וואס איז בעשטאנען פון צוויי געריכטען, האט זיך איסאק אויפגעהויבען פון שטוהל, זיך דורכ־געגאנגען איבער׳ן שטוב און ארויסנעהמענדיג דאס זייגעריל פון וועסט־טאש, האט ער ווי פאר זיך געמורמעלט:

— איך מוז שוין געהן אויפ׳ן מיטינג...

דאס יונגע ווייבעל העלען, וועלכע האט אבגערוימט פון טיש, האט מיט א גלאז אין האנט זיך אנידערגעשטעלט קעגען איסאק׳ן, איהם ארייגעקוקט אין די אויגען און זיך געקלאגט:

— ווידער א מיטינג? ביזט געווארען א גאנצער כלל־טהוער.

— וואס־זשע מיינסטו, העלען, מען מוז פאר דער מענש־הייט אויך עפעס טהאן — האט איסאק געענטפערט און זיך קוים איינגעהאלטען נים צו שמייכלען...

— די מענשהייט! — האט העלען איהם נאכגעקרימט — די מענשהייט איז ביי אייך טייער, נאר דער יחיד האט ביי אייך קיין ווערט...

און אנשטעלענדיג א וויינענדיגען פנים האט זי זיך גע־בעטען:

—איך וויל אויך געהן אויף מיטינגען, ארבייטען פאר דער מענשהייט, מיר איז אליין דא אומעטיג...

— אומעטיג! — האט איסאק ווי אויסגעשריען — וואס הייסט אומעטיג... האסט דאך עפעס פאר דער חתונה געהאט חבר׳טעס... געהט מען אריבער צו זיי...

— ניט נאָר חבר'טעס... — האָט העלען זיך בעליידיגט... איך האָב געהאַט חברים אויך...

— זאָל זיין חברים... איך בין ניט איפּערזיכטיג...

— ביזט ניט אייפערזיכטיג — האָט העלען אויסגעשטעלט אויף איהם בייז די אויגען — אַט דאָס איז טאַקע מיין אונ־גליק... איך האָב געוואָלט דו זאָלסט יאָ זיין אייפערזיכטיג...

— א מאָדנע זאַך מיט די ווייבער! — האָט איסאַק גע־פילאָזאָפירט — קיינמאָל קען מען זיי ניט צופריעדען שטע־לען: איז מען אייפערזיכטיג פּראָטעסטירען זיי, איז מען ניט אייפערזיכטיג — קלאָגען זיי — איבריגענס, איך מוז שוין געהן... דער מיטינג הויבט זיך אָן אכט שאַרפ...

און איסאַק איז ארויס, לאָזענדיג העלענ'ען א בייזע און דערצאָרענטע...

---

דער מיטינג איז פאָרגעקומען אין א קליינעם, שעהן־אויפ־געררוימטען צימער, ביי מיס בערטע פיין.

מיס פיין האָט איסאַק'ען בעגעגענט מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס און נאָך דעם קוש, וואָס ער האָט מיט געוויסער עטי־קעט אָבגעזיעגעלט אויף איהרע ראָזעווע ליפּעלעך, האָט ער זיך ענטשולדיגט...

— זי האָט מיך פערהאַלטען, מיין ווייבעלע.

בערטע האָט זיך אָנגעבלאָזען:

— דיין ווייבעלע... אַט דאָס איז דאָך מיין אומגליק, וואָס זי איז דאָס ווייב און איך בין בלויז א געליעבטע, צו מיר מעג מען קומען, נאָר דאַן, ווען דאָס ווייב לאָזט אָב...

איסאַק, פון דער נאַטור, אַן אָנהענגער פון פרויען־רעכט, האָט דערפיהלט אין בערטע'ס טענות א געוויסע מאָס גערעכ־טיגקייט און ער האָט זי ארומגענומען און געזאָגט:

— דו ביזט גערעכט, מיין טייערע, אבער די פליכטען צו א ווייב, קען מען אויך ניט אָבלייקענען... ענטשולדיג...

בערטע האָט אָבער געפאָדערט איהר רעכט, די רעכט פון א געליעבטער:

— איך האַלט, אז א געליעבטע שטעהט העכער פאר דער געזעצליכער פרוי...

—צי העכער צי נידעריגער ווייס איך ניט — האָט איסאַק געמורמעלט — אָבער מיט דער געזעצליכער פרוי איז מיר אײ־בערדריסיג, לאַנגווייליג, — און מיט דיר, מיין ליעבע...

און צו אילוסטרירען ווי אזוי איהם איז מיט איהר, האָט ער זי פעסט צוגעדריקט צו זיך און געקושט...

— ווי לאַנג אָבער וועט עס זיך ציהען אזוי?... — האָט בערטע געוואָלט אויסנוצען די געלעגענהייט — נאָך אלע גליי־קען, וואָלט איך וועלען דיך ליעבען פראַנק און פריי, און ניט גגב'ענען די פּאָר פונקען ליעבע...

— ס'הייסט דו וואָלסט וועלען ווערען מיין געזעצליכע פרוי...

— געוויס... — האָט בערטע איהם געגלעט איבער די הענט און זיך געטוליעט צו איהם ווי א קעצעלע...

איסאַק, דערוואָרעמט פון איהרע צערטליכקייטען, האָט זיך ווי פערלוירען, און פערגעסענדיג אָן זיינע פליכטען צו העלען, האָט ער אויסגערופען:

— האָב געדולד... איך וועל מיט העלענ'ען איבעררייסען, איך וועל זיך מיט איהר צוגעהן... איך וועל מאַכען אזוי, אז זי וועט זיך בעטען, מיר זאָלען זיך צוגעהן...

---

אין פערלויף פון א יאָהר צייט האָט ענדליך העלען ער־פאַהרען איסאַק'ס בעהאַלטענע ליעבע צו בערטע'ן.

— איסאַק, אַט אזוי האָסטו מיך גענאַרט! אויף מיטינ־גען געגאַנגען, ארבייטען פאַר דער מענשהייט...

— נא... — האָט איסאַק געמורמעלט און האָט אויסגע־וויזען זעהר געבאָכריג...

—טאַ גנעה און קום שוין קיינמאָל ניט... איך וועל מיין שטעדטעל בעשטעהן אליין...

איסאַק האָט זיך געוואָלט פערענטפערען, פערטיידינגען, אָבער העלען, א בייזע און שטאָלצע, האָט זיך אָבגעקעהרט און ניט געוואָלט הערען:

— גנעה, אָדער איך גנעה אוועק!

און זעהענדיג ווי ער בלייבט זיצען אונבעוועגט אויף זיין שטוהל, האָט זי זיך גענומען פּאַקען און באַלד איז זי גע־שטאַנען אָן אָנגעטהוענע מיט א פּעקיל אין האַנט און זאָגענדיג: איך בעפריי דיך! — איז זי ארויס פון צימער...

איסאַק איז מיט א געזונקענעם קאָפּ אוועק צו בערטע'ן.

— בערטע... איך בין פריי... זי האָט מיך פערלאָזט...

בערטע, וועמענס אידעאל איז געוועזן צו בעזיצען אי־סאַק'ען אליין, און צו ווערען זיינע פאַר דער וועלט, איז מיט פרייד אויפגעשטאַנען פון זאָפאַ, וואו זי איז געלעגען אויסגע־צויגען, און ארומגעהמענדיג איסאַק'ן האָט זי געפּליסטערט:

—אַ, מיין טהייערער, איצט ביזטו מיינער אין גאַנצען, אין גאַנצען...

איסאַק האָט זיך דערפיהלט אונבעקוועם אין איהרע ארעמס און האָט זיך בעמיהט צו בעפרייען:

— פאַרוואָס ביזטו אזוי צוטראָגען, איסאַק? — האָט בערטע געפרעגט.

— צוטראָגען... חלילה... נאַטירליך... האָט ער גענומען שטאַמלען — נאַטירליך, אזא מאָמענט...

און פאַר זיינע אויגען האָט פאַרגעשוועבט דאָס געזיכט פון דער בייזער און שטאָלץ־אוועקגעהענדיגער העלען...

„וואוהין און צו וועמען האָט זי געקאָנט אוועקגעהן?"— האָט זיך איהם געבאָמבעלט אין קאָפּ און ער האָט געקוקט אויף בערטע'ן מיט גלייכגילטיגע בליקען...

ער האָט אָבער די אויגען געהאַלטען אראָבגעלאָזט און זי

האָט זיין בליק ניט געקאָנט כאַפּען...

---

עס איז אַוועק אַ יאָהר, בערטע איז געזעסען מיט איסאַק'ן אין צימער, וואו זיי האָבען נאָר וואָס אָבגעגעסען סאַפּער. איסאַק איז געווען נערוועז, אויפגערעגט, ווי אַ מענש, וואָס וויל עפּעס טהאָן און האָט מורא פאַר עמיצען...

— וואָס איז מיט דיר, איסאַק? — האָט בערטע געפרעגט, אריינקוקענדיג איהם אין די אויגען.

— מיין סאָסייעטי „מיטעט" היינט און איך מוז נעהן... איך האָב אַזוי קיין געדולד דערצו ניט...

— וועלכע סאָסייעטי?... — האָט בערטע זיך פער־חדוש'ט.

— וועלכע סאָסייעטי! — האָט איסאַק בייז איהר איבער־געקרימט — זי ווייסט שוין גאָר ניט...

— ביזט אויפגערעגט... — האָט בערטע געמורמעלט, ניט קענענדיג פערשטעהן...

— נו, געוויס... פרעגסט אַזוינע נארישקייטען... איך האָב אַ וויכטיגע זיצונג... איך מוז געהן...

— העלאָ, העלען! — האָט איסאַק אויסגערופען אריינ־געהענדיג אין אַ קליין געמיטליכען צימערל, וואו העלען האָט געוואוינט דעם לעצטען יאָהר...

זי האָט איהם אויסגעצויגען די האַנט און געבעטען זיצען.

— אז איך קום צו דיר, פיהל איך מיך אַזוי גוט, אַזוי גוט...

— עס פרעהט מיך... — האָט העלען מיט אויגען אָנגע־נאָסענע מיט ליעבשאַפט געענטפערט — מיר ווערט אויך אַזוי גוט... אַך, ווי נאַריש מיר זיינען!... — האָט זי מיט אַ גוטמו־טיגען שמייכעל אויסגעזיפצט, און אוועקזעצענדיג זיך נעבען איסאַק'ן אויפ'ן פאַרענטש פון וויעג־שטוהל, האָט זי וויינענדיג איהם, געפרעגט:

— וואָס האָסטו איהר געזאָגט פאַר א תירוץ?
— איך האָב איהר געזאָגט, אז איך געה אויף א מיטינג...
— דערזועלבער אַלטער תירוץ... — האָט העלען שטימונגס־פול אויסגערופען...

און אָננעהמענדיג איהם פאַר'ן האנט האָט זי פאָרטגעזעצט:

— ווייסט איסאַק, אז איך וויל שוין ניט מעהר מיט דיר צוזאמענגעהן זיך... אזוי איז בעסער... איצט האָסטו מיך ליעבער... נאָרסט אָב צוליעב מיך און אנדערע... אבער מיך — ניט... איך וויל ניט זיין קיין ווייב, איך וויל בעסער זיין א געליעבטע... א ווייב לאָזט מען אליין און מען געהט אוועק אויף א מיטינג און צו א געליעבטער קומט מען און מען זיצט אזוי לאנג, אזוי לאנג. איסאַק, ווערסט דאָך היינט ביי מיר לאנג זיצען... יא? מיר וועלען אבהאַלטען א וויכטיגען מיטינג.

— אָ, זעהר א וויכטיגען! — האָט איסאַק מיט בעגייס־טערונג אויסגערופען און האָט זיך געדריקט פעסטער און פעס־טער צו דער געוועזענער ווייב און צו דער איצטיגער געליעב־טער...

## דער מאַן קומט!

דער „קאַטעדזש" איז געשטאַנען ווי אָבגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט. שטעהענדיג אויף דער לאַנגער און ברייטער וועראַנדע האָט מען בלויז געזעהן וואו ניט וואו אַ הייזעל, אַ פאַרם און וויעדער פעלד, וואַלד און האָריזאָנט.

ליזע, וועלכער דער מאַן האָט געשיקט אַהער אויף עטליכע וואָכען האָט זיך דאָ געפיהלט ווי ניי געבוירען. די ערשטע טעג האָט זיך איהר בשום אופן ניט געגלויבט, אַז דאָס איז אַ קאַונ־רי אין אַמעריקאַ. וואוינענדיג אין אַן ענג בעזעצטען געגענד אין ניו יאָרק האָט זיך איהר געדאַכט, אַז גאַנץ אַמעריקאַ איז געפאַקט מיט מענשען, קאַרס און בייבי־קערעדזשעס. די ברייט־קייט, פרייהייט האָט איהר דערמאַנט איהר היים, אַ שטעדטעל ערגעץ אין טשערניגאָווער גובערניע, וועלכע זי האָט פערלאָזט מיט זיבען יאָהר צוריק, ווען זי איז אַלט געוועזן זיעבצעהן יאָהר. דאָרט איז אויך געוועזן אַזוי ברייט און פריי און זי פלעגט אַזוי ליעב האָבען מיט איהרע יונגע חבר'טעס זיך לאָזען לויפען און יאָגען זיך יעדער פרייטאָג פאַרנאַכט און יעדען שבת. ווען דער מאַטע, אַ בייזער און שטרענגער איד, פלעגט נאָר ניט זיין אין דער היים.

דאָ איז זי ווידער פריי. מיט די עטליכע יונגע מייד־לעך און יונגע ווייבלעך וואָס האָבען זיך געפונען מיט איהר אין זעלבען קאַטעדזש איז זי געוואָרען בעפריינדעט אין די ערש־טע פּאָר טעג און האָט זיך געפיהלט מיט זיי, ווי מיט יענע חבר'טעס אין דער היים. אויך מיט די פּאָר באָיעס וואָס האָבען זיך דאָ געפונען האָט זי זיך געפיהלט היימיש און זיך געהאַל־

טען פריי, ווי א יונג מיידעלע וואָס ווייס נאָך פון קיין זאך ניט..
זי האָט זיך מינוטענווייז פערגעסען, אז זי איז שוין א יאָהר
פערהייראט מיט עפּעס איינעם א מיסטער און דער מיסטער
האָט עס איהר טאקע געשיקט אהער צו פיקסען זיך...

און שפּיעלענדיג מיט א באַי אין באָל אָדער אזוי אויס־
פּרוּאווענדיג זיך אין לויפען: ווער וועט וועמען אריבעריאָ־
גען — דער באַי זי, אָדער זי דעם באַי — פּלעגט זי זיך פּלוצ־
לונג דערמאָנען אָן איהר מאן און פּלעגט זיך אין מיטען גע־
לויף אבשטעלען, אזוי אז דער באַי האָט איהר שנעל געקענט
כאפּען. ארומנעהמענדיג זי און האלטענדיג זי פעסט אין די
הענט. זי פּלעגט זיך אבער אויסרייסען פון איהם, מורמלענדיג:

— דאָס טאָר מען ניט...

— פארוואָס טאָר מען ניט?

פּלעגט זי זיך פערשעהמען און ענטפערען:

— איך האָב דאָך עפּעס א מאן.

און גלייך פּלעגט איהר פערדריסען וואָס זי האָט זיך אויס־
געדריקט אזוי איראָניש: „עפּעס א מאן" און זי פּלעגט זיך
פערריכטען:

— מיין מאן איז א שעהנערער פאר אייך.

און נאָך דעם ליגען וואָס זי האָט אזוי גלאט אבגעזאָגט
פּלעגט זי זיך צולאכען מיט א העלען קלינגענדען געלעכטער
און אין א וויילע ארום ווידער פערגעסען אָן מאַן, אָן ניו־יאָרק
און האָט זיך ווידער געלאָזט לויפען מיט'ן באַי צי מיט א מיי־
דעל, ביז וואנען דער יונגער פאַרמער פּלעגט ניט ארויסנעהמען
מיט'ן גלאָק אין דער האנט און מיט'ן קלינגען צונויפזאמלען,
ווי א פּאסטוך זיין סטאדע, די „געסט" זיינע, וואָס האבען זיך
צושפּרייט איבער'ן פעלד, דער דאָ, דער דאָרטען.

דערהערענדיג דאָס קלינגען פּלעגט ליזע זיך לאָזען לוי־
פען די ערשטע צום הויז. געלאָפען איז זי ווי א קליין מיידעלע,
ווען די מאמע רופט עסען און האָט ווידער פערגעסען אָן דעם

מיסטער דארט אין ניו־יארק, וואס האט איהר אהער געשיקט. איהר האט זיך געדאכט, אז דא איז זי געבוירען געווארען און דא וועט זי שוין בלייבען אויף שטענדיג, א פרייליכע, א גליק־ליכע, א פרייע...

פלעגט איהר דער יונגער פארמער ברענגען פון סטיישאן, וועלכע האט זיך געפונען א פאר מייל פון קאטעדזש, א בריוועל, פלעגט זי זיך ווידער דערמאנען און איהר פרעהליכקייט פלעגט פערשווינדען. אין יעדען בריוועל האט זי ערווארטעט אן אונאנגענעהמע נאכריכט: אדער אז עס איז שוין איהר צייט צו פאהרען צוריק אין ניו יארק, אדער אז ער קומט אליין אויף א פאר טעג. איבערלעזענדיג דאס קורצע בריוועל פון דעם „ביזי" מאן און אויסגעפינענדיג אז ער איז נאך אלץ ביזי און קומען קען ער נאך ניט און איהר הייסט ער נאך בלייבען, פלעגט זי דאס בריוועל צורייסען מיט הנאה אויף קליינינקע שטיקע־לעך און פערווארפען ערגעץ אויפ'ן פעלד. דער ווינט פלעגט די שטיקלעך צוריסענע פאפיר אויפהויבען פון דער ערד, פלי־הען מיט זיי אין דער לופט און מאנכען שטיקעל איהר צוריק ברענגען — פונקט ווי דער ווינד האט אלעס געוואוסט און האט געוואלט איהר דערמאנען אן איהרע פליכטען און אז צו פרעהליך דארף זי ניט זיין, ווייל פריהער־שפעטער וועט זי מו־זען אדער צו איהם פאהרען אדער איהם דא אויפנעהמען...

ענטפערען פלעגט זי זיך ניט איילען. דאס שרייבען איהם איז פאר איהר געווען אן אפקומעניש. זי מוז שרייבען „מיין ליעבער מאן", אבער די פעדער, ווי זי וואלט געפיהלט דעם ליגען פון דער פראזע, האקט זיך אריין אין דעם פאפיר און זי מוז פערבייטען אויף „מיין טייערער מאן". איהר דאכט זיך, אז „מיין טייערער" איז ווניגער פאלש ווי „מיין ליעבער". זי האט שוין געפרופט שרייבען „האכגעשעצטער מאן", האט זי זיך צולאכט און פערשעהמט פאר זיך אליין.

ענדליך איז איהר אָנגעקומען א בריוועל, וואו ער מעלדעט איהר, אז ער קומט אויף שבת... דאָס בריוועל איז איהר אָנגע־קומען דאָנערשטאג פארנאכט. יענעם אווענד האָט זי שוין וועניגער פערבראכט און ווען א קליינע קאָמפּאניע מיידלעך מיט די צוויי כוואטסקע באיעס האָבען זיך פאַרבערייט צו נעהמען א וויטען „וואָק" און זי אויך איינגעלאדען, האָט זי זיך ענט־זאגט. אלעמען האָט עס געוואונדערט: וואָס איז געוואָרען מיט דער פרעהליכער ליזע'ן? זי האָט אויסגעטראכט א תירוץ, אז זי פיהלט ניט גוט און איז געבליבען זיצען אליין אין א ווינ־קעל, ווי זי וואָלט שוין אָנגעהויבען צו ערווארטען איהר מאן.

פרייטאג האָט זי דער יונגער פארמער גענומען צום סטיי־שאָן צו בעגעגענען דעם מאן. זי איז געזעסען מיט'ן פארמער זייט ביי זייט און ווען עס איז געקומען אראָב־בארג, האָט ער איהר צוגעדריקט צו זיך, זי זאָל ניט אראָבפאלען פון שמאָלען קערעדזשעל. ארום איז געווען ברייט און פריי און דאָס יונגע פערד איז גאָלאָפּירענדיג געלאָפען ווי צום טאקט. ליזע איז איצט אזוי ווייט געווען פון מאן, אז זי האָט גאָר ניט גע־וואוסט, ווי אזוי ער זעהט אויס און וואָס פאר א שטימע ער האָט. אבער קומען וועט ער זיכער און אפשר וועט איהם דאָרט וואָס אָבהאלטען און זי וועט בעקומען א דעפּעשע, אז ער קען ניט קומען, און זי האָט געפרעגט ביים פארמער: קען אָנקומען אהער א דעפּעשע? דער פארמער האָט געענטפערט: ניין!

ביים סטיישאָן איז נאָך אויסגעקומען צו ווארטען. ליזע האָט נאָכגעפרעגט די אורזאכע. דער טרייז האָט זיך פערשפּע־טיגט. דאָס איז גוט. טרעפט ניט אמאָל אז א טריין פער־שפּעטיגט אויף א טאָג? אבער אָט קומט ער שוין אָן! פער־שפּעטיגט און דאָך געקומען. אָט קריכט פון א וואגאָן ארויס א נידעריגער, ברייט־ביינינגער מאן. דאָס איז ער דאכט זיך? יא,

דאָס איז דער מיסטער, וועלכער האָט זי אהער געשיקט, דאָס איז ער!

— העללאָו, ליזע!

— העללאָו, אייב...

מאַנכע יונגע ווייבלעך, וועלכע בעגעגענען דאָ די ערוואַר־טעטע מענער, צוקושען זיך מיט זיי. ליזע טראַכט, אז זי האָט זיך אויך געראָפּט צוקושען, אבער עס איז אראָב די בעגעגעניש גלאָט אַהן א קוש און זי איז געווען צופריעדען. דער מאַן האָט זי בעטראַכט און א צופריעדענער געזאָגט:

— האָסט זיך פיין געפיקסט...

און וואַרפענדיג א בליק אויף דער וואָג וואָס איז געשטאַ־נען ביים סטיישאַן האָט ער העפליך פאַרגעלעגט:

— שטעל זיך, ליזע. איך וועל דיך אָבוועגען. איך האָב גראָד אַן איינציגע פעני...

ליזע, געהאָרכזאָם ווי א קינד, ווען דער טאַטע הייסט וואָס טהאָן, האָט זיך מיט א פערשולדיגטען שמייכעל אוועקגעשטעלט אויפ׳ן וואָג. דער ווייזער האָט זיך געגעבען א הויב ארויף און איז געגאַנגען ביז הונדערט און צוואַנציג און נאָך אריבער א שטיקעל.

— הונדערט איין און צוואַנציג מיט א האַלב! — האָט דער מאַן געמאָלדען. — גאַנץ שעהן זיך געפיקסט! דו וועסט דאָ נאָך בלייבען א פּאָר וואָכען... איך וועל אויך בלייבען עט־ליכע טעג. די ביזנעס זיינען איצט שטילער...

און פאָהרענדיג צוריק צו דער פארם האָט זיך ליזע׳ן געדאַכט, אז דער וועג איז ווי שמאָלער געוואָרען און דער וואַלד פון דער ווייט איז ניט דער זעלביגער... אויך דאָרט דער ווייסער קאָטעדזש, וועלכען זי האָט אהין פאָהרענדיג בעמערקט איז גאָר ניט אזוי שעהן ווי זי האָט געמיינט, א געוועהנליכער קאָטעדזש. און זי וואָלט בכלל שוין געוואָלט פאָהרען צוריק אין ניו יאָרק. דאָרטען ווייסען אלע אז זי האָט א מאַן און דאָ דאַרף זי איהם

ערשט ווייזען. זי וועט זיך שעהמען און יענער כוואַטסקער בײַ מיט די לעבעדיגע אויגען וועט אַזוי לאַכען... זי האָט אויפגע־הויבען די אויגען און געוואָרפען בגנבה אַ בליק אויף דעם מאַן, וועלכער האָט געשעפּט די פרישע לופט מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט עס געטהאָן צוליעב זיין שוואַכען געזונט און ליזע האָט בעשלאָסען, אַז דער בײַ וועט זיכער לאַכען און אפשר וועלען די מיידלעך אויך לאַכען...

און עס האָט איהר געקלאַפּט דאָס האַרץ פאַר ערוואַרטונג.

עס איז אַזוי גוט וואָס דאָס פערד איז מיעד און דער וועג צוריק איז אַרויף־באַרג און מען פאָהרט אַזוי לאַנגזאַם...

# דער רב.

פון דער לעצטער בעקאנטשאפט אין סענטראל פארק איז הערמאן ענטציקט געווען. אויסער, וואס דאס מיידעל איז א זעהר חנ'עוודיגע און אן אינטערעסאנטע, איז זי דערצו פון גרויסען יחוס: איהר טאטע איז ניט מעהר און ניט ווענינגער ווי א רב, און כאטש הערמאן איז א ראדיקאל געשטימטער יונגערמאן, ווייס ער אבער אז די אמת'ע אידישע אריסטאקראטיע זיינען די רבנים. קיין אנדערע אריסטאקראטישע קאסטעס אויסער די רבנים זיינען ביי אידען ניטא. און איידער הערמאן האט נאך געוואוסט געגוי איהר שטאם איז דער ערשטער קאמפלימענט וואס ער האט דער דאזינגער מיידעל געמאכט געווען אזוי:

— עפעס שפיגעלט זיך אב אין אייערע אויגען, וואס ציינגט, אז איהר שטאמט פון יחסנים...

— געוויס בין איך א יחסנ'טע! — האט זי פערשעמט געענטפערט.

— איך האב געוואלט וויסען ווער איז אייער פאטער?

— אייך וועט ער ניט געפעלען...

— א, איך בין זיכער, אז איהר האט א שעהנעם טאטען!

— יא... אבער אייך וועט עס ניט געפעלען... ער איז א רב...

— א רב! א רב! — האט הערמאן ענטציקט אויסגערו־פען, — וואס רעדט איהר. דאס איז דאך דער שעהנסטער יחוס.

און בעטראכטענדיג זי נאך אמאל ביים שיין פון דער עלעק־טרישער לאמטערן אין פארק, האט ער ווידער זיך בעגייסטערט:

— איהר זעהט טאקע אויס ווי א רב'ניש קינד. דער אידי־שער אדעל ליעגט אייך אויפ'ן פנים...

זי האט זיך צולאכט און געענטפערט:

— און איך האב גאר ניט געוואוסט, אז עס וועט אייך אזוי געפעלען...

— עס געפעלט מיר זעהר! — האט הערמאן זיך אליץ בעגייסטערט. — נאטירליך, איך בין א פריידענקער, אבער איך האלט זעהר פון יחוס. און צו די אידישע רבנים האב איך נאך א שוואכקייט פון דער קינדהייט.

און פאר הערמאנ'ען האט זיך גלייך פארגעשטעלט דער רב פון זיין שטעדטעל, ר' אהרן־מאיר, מיט דער לאנגער, ברייטער באָרד, מיט די גרויסע, קלוגע און עטוואס געהיימניספולע אויגען, מיט זיין שמילען און ערעלען אויסדריקען זיך. הערמאן געדענקט, ווען זיין מאמע פלעגט איהם שיקען פרעגען א שאלה איז ביי איהם געווען א יום־טוב, וואָרים אויסער דער רב אליין איז דאָס גאנצע רב'נישע הויז געווען פול מיט צוציהונגען און פערלאָקונגען: די רב'יצין מיט איהר ערעלען פנים, דעם רב'ס חדר... אין רב'ס חדר האט זיך ניט מעהר געפונען ווי א טיש, צוויי בענקלעך — אמת, געפארבטע — און א גרויסער אלמער מיט ספרים. אט דער אלמער האט צוגעגעבען דעם רב'ס חדר א פאנטאסטישען אויסזעהן. הערמאן, וועלכער האט דאן נאך געהייסען הער־שעלע, פלעגט ניט וואגען נאָהענט צוצוגעהן צום רב, נאָר ביים שוועל פון חדר פלעגט ער בלייבען שטעהן און ווארטען ביז דער רב וועט זיך אברייסען פון דער גמרא. אז דער רב פלעגט זיך ענדליך אברייסען פון דער אָפענער גמרא און, אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, איהם בעמערקען, פלעגט הערמאן בלייבען ווי דער־שראָקען און פאר שרעק פערגעסען די גאנצע „שאלה“.

אבער דער רב פלעגט איהם גלייך ערמוטהיגען:

— וועמעס ביזטו, אינגעלע?

— הערשעל, לייבע דעם קרעמער׳ס.

— אזוי, לייבע דעם קרעמער׳ס. ביזט מסתמא א גוטער שגץ... קום אהער.. קום, שעהם זיך נישט...

און דער איצטיגער הערמאן און דער דאמאלסדינער הער־שעלע פלענט פון די דאזיגע גוטמוטיגע ווערטער גלייך דער־מאנען זיך אן דער שאלה:

— די מאמע האט אויסגעמישט מיט א מילכיגען לעפעל דעם פליישיגען טעפעל.

— האט דער טעפעל בשעת מעשה געקאכט?

— יע... געקאכט...

— דאס לעפעל איז געווען א הילצערנע, צי א צינענע?

— א הילצערנע.

— אויב א הילצערנע, איז דאס לעפעל טריף און דער טע־פעל איז כשר...

און געהענדיג צוריק, האט ער די גאנצע צייט גע׳חזר׳ט:

— דאס לעפעל איז טריף און דאס טעפעל איז כשר...

און קומענדיג אהיים צו דער מאמע׳ן, האט ער עס מיט שמחה איבערגעגעבען:

— מאמע, דאס לעפעל איז טריף...

— אבער דאס טעפעל, גזלן! — איז די מאמע דערשראָ־קען געווארען, ווייל עס איז געווען איינס פון איהרע בעסטע, געדראטעוועטע טעפלעך.

— דאס טעפעל איז כשר, זאל איך אזוי געזונד זיין.

— לאנג לעבען זאל ער! — האט די מאמע געבענשט דעם רב אונטער די אויגען. — ווען ער מאכט מיר טריף דאס טעפעל, וואלט איך ניט געוואוסט וואס צו טהאן, ערשט פאר פסח איהם איינגעדראטעוועט...

און איצט, שטעהענדיג נעבען א רב׳ס א טאכטער, האט הערמאן דערפיהלט א בענקשאפט נאך יענער צייט. זיין שטי־מונג איז געווארען אזוי געהויבען, אז ער האט רב׳ס טאכטער

אנגענומען פאר'ן האנד און געפרעגט:

— אייער טאטע פסק'ענט אויך שאלות?...

— יא, אמאל... זעהר זעלטען...

— און ער האט אויך א גרויסען אלמער מיט ספרים?

— ניט זעהר... — האט זי געשמייכעלט.

— און א בארד... א לאנגע...

— ניט זעהר...

— איך וואלט געוואלט זעהן אייער טאטען... — האט ער ווי אויסגעזיפצט.

— איהר קאנט אמאל צו אונז אריינקומען! — האט זי איהם געגעבען די ערלויבניש.

— וואס זאל איך זאגען פאר א תירוץ? — האט הערמאן געפרעגט נאאיוו.

— א תירוץ! — האט זי געלאכט, — איהר דארפט גאר ניט זאגען קיין תירוצים, איהר וועט פרעגען אויף מיר...

— מעג מען?

— פארוואס ניט... צו מיר קומען אריין אפט יונגע לייט... מען פערברענגט...

הערמאן איז געבליבען ווי ענטוישט. ערשטענס דערפאר, וואס זי, וועלכע ער האט שוין, דאכט זיך, ליעב בעקומען, האט נאך בעקאנטע יונגע לייט און ער איז ניט דער איינציגער און צווייטענס, איז נאך פערדריסליכער, וואס צו א רב'ס א טאכטער קאן מען ארויפגעהן אזוי פראנק און פריי... אבער דאך האט ער אנגענומען איהר איינלאדונג.

— יא, איך וועל אריינגעהן. ווען?...

— קומט שבת אווענד... א זייגער זיעבען...

—שבת אווענד! שעהן! שעהן!

און הערמאן האט זיך פארנעשטעלט, אז ער וועט נאך אודאי כאפען א רב'ס א המבדיל און הערען זינגען די „אליהו'ס".

— איך וועל קומען זיכער, — האָט ער איהר געגעבען די האנד און מיט בעגייסטערונג זי געדריקט...

---

הערמאַן האָט קוים דערוואַרט, אַז עס זאָל אָנקומען דער גליקליכער שבת. ערשטענס האָט ער שוין געבענקט נאָך איהר. און צווייטענס, איז ער געוועזן שטאַרק נייגעריג צו זעהן דאָ אין אמעריקא א רב... ער האָט זיך פאַרגעשטעלט א הויכען, שעהנעם עלטערען אידען מיט א לאַנגער באָרד און מיט א גרויסען שטערען און צוויי גרויסע טיעפע אויגען... און הער־מאַן האָט געמאַכט פלענער, ווי אַזוי צו רעדען מיט איהם. איהם האָט באַנג געטהאָן, וואָס ער איז אַזוי גלאַט געראַזירט: דער רב וועט געוויס האָבען גרויס צער... אַמאָליגע צייטען האָט מען זיך ניט געראַזירט.

דערפאַר אבער האָט ער בעשלאָסען, וועט ער זיצען די גאַנצע צייט אין היטעל, און זאָל איהר טאַטע, דער רב, ניט האָבען קיין עגמת־נפש...

---

א פערטעל צו זיעבען איז שוין הערמאַן געשטאַנען ביי א גרויסער טענעמענט־הויז אין א אידיש־איטאַליענישען גע־גענד און געקוקט ארויף צו די פענסטער און ניט געקאָנט כאַ־פען מיט'ן אויג, וואו זאָל דאָ אין דעם דאָזיגען הויז זיך קאָ־נען איינאָרדנען א רב...

ביים הויז האָבען זיך געשפּיעלט איטאַליענישע באָיס, געפּרובט די מוסקולען און געראַנגעלט זיך. אין האָל זיינען געשטאַנען פּאָרלעך און געמאַכט חנ'דלעך איינע צו די אנדע־רע.

הערמאַן האָט בעטראַכט דעם נומער פון הויז און גע־צווייפעלט, צי איז דאָס דערזעלבער נומער, וואָס דעם רב'ס

טאכטער האט איהם אנגעגעבען... איהם האט זיך ניט גע־גלויבט, אז דא זאל וואוינען א רב.

אבער אריינגעהענדיג אין האל און קוקענדיג אויף די האלב אבגעריבענע אונטערשריפטען אונטער די „לעטערבאקסעלעך" האט ער געפונען דעם נאמען און די וואוינונג פון רב... דאס איז געווען אויפ'ן פינפטען פלאאר...

— עס איז „פאלג מיר א גאנג", — האט ער אונצופריע־דען געמורמעלט, — וואוהין א רב קאן אין אמעריקא פער־קריכען...

און דערגרייכענדיג דעם פינפטען פלאאר האט ער אנגע־קלונגען.

אנטקעגען איהם איז ארויס א בייזער איטאליענער און האט איהם אנגעקוקט מיט חשד...

און טאקע דערזעלבער איטאליענער האט איהם אנגע־וויזען די קעגענאיבערדיגע טהיר.

הייסט עס, אז דער רב וואוינט בשכנות מיט אן איטאל־יענער. הערמאן האט א שמייכעל געטהאן און האט זיך צוגע־גרייט צו איבערראשונגען.

ער האט אנגעקלונגען און האט קיין ענטפער ניט בעקו־מען. הערמאן האט אונגעדולדיג געווארט, נאר קיינער האט איהם ניט אויפגעמאכט די טהיר.

ער האט א פאר מאל אנגעקלאפט און ערשט דאן האבען זיך געהערט טריט פון אינווענינ. די טהיר האט זיך אויפגעעפענט און פאר הערמאנ'ען איז ערשיענען א איד אין די מיטעלע יאה־רען, מיט א געשווירען שפיציג בערדעל, אנגעטהאן אין א קור־צען רעקעל.

— וואוינט דא דער רב? — האט הערמאן קוים ארויס־געגערעדט און איז געווען זיכער, אז ער האט פערבלאנדזשעט...

— דא, דא... — האט דער איד געענטפערט. — דאס בין איך טאקע אליין... — פליעז, קאם אין.

הערמאַן איז אריין. באלד איז איהם אנטקעגען געגאַנגען די טאָכטער מיט א שמייכעל.

— פּאַפּא, איך וועל דיר אינטראָדיוסען: דאָס איז מר...

— אי עם וועדי גלעד... — האָט דער רב זיך פערנייגט — קאַם אין !...

הערמאַן איז איהם נאָכגעגאַנגען און האָט זיך ענדליך אונגעלומפּערט אוועקגעזעצט אויף א שטוהל.

— נעהמט אראָב אייער העט — האָט דער רב פאַרגעשלאָגען.

הערמאַן האָט זיך דערפיהלט בעליידיגט און האָט ניט געוואָגט עס צו טהאָן...

— נעהמט אראָב! נעהמט אראָב! — האָט דער רב געוואָלט ציינען זיין אויפגעקלערטקייט. — מיר זיינען ניט קיין פאַנאַטיקער... פּליעז...

און הערמאַן האָט דעם העט אראָבגענומען און דערפיהלט, ווי עפּעס היילינעס וואָלט פערשוואונדען געוואָרען. ער האָט בעטראַכט דעם רב, ווי ער וואָלט איהם איננאַנצען שוין ניט אָנגענאַנגען. ער האָט בלויז געוואָלט וואָס גיכער ארויסגעהן.

ער האָט געקוקט אויף דער טאָכטער און געשמייכעלט, ווי ער וואָלט זאָגען:

— מיט אזא רב וועלען מיר שוין אויסקומען בשלום.

זי האָט זיין שמייכעל פערשטאַנען און האָט, ניט צערעמאָניענדיג זיך, זיך געווענדעט צו הערמאַנ׳ען:

— וועלען מיר אביסעל געהן...

— יאָ, יאָ... — האָט זיך הערמאַן אָנגעכאַפּט.

— יעס... — האָט זיך דער רב אריינגעמישט, — א וואָך נאָך סאפּער־טיים איז זעהר גוט...

ארויסגעהענדיג פון רב׳ס הויז מיט דער טאָכטער, האָט זי זיך צו איהם אויף די טרעפּ געווענדעט:

— נו, ווי געפעלט אייך מיין פּאַטער? —

— א גאנץ קלוגער מענש! — האָט הערמאַן ווי אָבגע־פּטר'ט זיין מיינונג.

— יעס — האָט זי צוגעגעבען. — ער איז אַלרייט.

אָבער הערמאַן האָט געבענקט נאָך אַן אנדער רב, נאָך דעם רב פון דער היים, מיט דער לאַנגער באָרד, מיט די גרויסע געהיימניספולע אויגען און מיט'ן גרויסען גע־היימניספולען אלמער ספרים...

# דער זין פון ארבייט.

גרשון טויבקין, וועלכער איז שוין דאָ אין לאַנד זייט פיער יאָהר, קען זיך נאָך אַלץ ניט צוגעוועהנען צו דער ארבייט אין שאַפּ. אליין פון בעל־הבית'שע קליינשטעדטעלדיגע על־טערען, מיט א נייגונג צו פוילקייט, פערשילט ער זיך און די וועלט, ווען ער דאַרף מאָנטאג פריה אויפשטעהן צו דער אר־בייט. ער ארבייט דערפאר פון שטיק און ארבייט אוים בלויז אזוי פיעל, אז עס זאָל איהם גענוג זיין צו דערהאַלטען די נשמה; און קען ער זיך א טאָג אין מיטען דער וואָך ארויס־דרעהען פון ארבייטען און מאכען א יום־טוב, טהוט ער דאָס מיט גרוים הנאה. סיידען, אז ער וויים פאַראויס, אז דער באָס פון שאַפּ וועט איהם פאר אזא „יום־טוב מאכען" אין גאנצען אָבזאגען. אמת'ע יום־טובים אבער פייערט ער ביידערליי, סיי די אידישע און סיי די אמעריקאנישע, נישט קוקענדיג, וואָס אין דאָס רוב שעפּער וואו ער ארבייט, זיינען די באָסעס אויף די אידישע יום־טובים נישט שטארק מקפיד.

זייענדיג אין הארצען אן אנטי־סאָציאַליסט און א פיינד פון דער יוניאָן און איהרע פיהרער, איז ער אבער שטענדיג דער ערשטער פאר א סטרייק. און וואָס דער סטרייק ציהט זיך לענגער אַלץ מעהר צופריעדען איז ער. ווען עס קומט צו שטימען פאר ענדיגען דעם סטרייק, איז ער דער גרעסטער געג־נער און קאָכט זיך מעהר פאר'ן בעסטען סאָציאַליסט. ער שיט שווארצען מאָהן אויף די באָסעס און ווארענט דערביי די אר־בייטער, אז זיי זאָלען זיין פאָרזיכטיג מיט די יוניאָן־פיהרער,

ווייל, ערקלעהרט ער זיי, דאָס וואָס זיי ווילען אַזוי שנעל סעט־לען, בעווייזט, אז די באָסעס האָבען זיי אונטערגעקויפט.

נאָכ'ן סטרייק בעט ער גאָט, אז דער סיזאָן זאָל אריבער און עס זאָל זיך אָנהויבען דער „סלעק". אין סלעק האָט טויב־קין א רוהיגען געוויסען: קיין ארבייט איז ניטאָ, און ער האָט דאָס פולע רעכט ארומצוגעהן ליידיג, אָדער זיצען אין דעם בי־ליגען רעסטאָראַן און טרינקען דריי־סענטיגע קאַפע, און פער־ברענגען מיט די איבעריגע לעדיג־געהער פון דעם קליינעם אַרי־מען רעסטאָראַן.

זייענדיג אזא פיינד פון אַרבייט, מוז ער זיך דערפאר אָב־זאָגען פון בעקענטשאפט מיט מיידלעך. חאָטש קיין פרויען־פיינד איז ער דוקא ניט. ער ווייס אָבער, אז אַן אמעריקאַנער מיידעל, דערוויסענדיג זיך פון זיינע פערדיענסטען און פון זיין בליק אויף ארבייט בכלל, וועט אנטלויפען פון איהם און קיין איינציגע וועט ניט וועלען האָבען מיט איהם קיין נאָהענטע מגע ומשא...

און אין א געשפּרעך וועגען אמעריקאענר מיידלעך פלעגט ער זיין מיינונג ארויסזאָגען מיט בייזקייט:

— זיי זיינען מיר דערווידער מיט זייער פּראקטישקייט...
און אז ער פלעגט זיך שוין יאָ בעקענען מיט א מיידעל, פלעגט ער לענגער ווי צעהן, פופצעהן מינוט מיט איהר נישט פער־ברענגען, כדי עס זאָל איהם ניט אויסקומען נאָך א לענגערען פערברענגען צו „טריטען" איהר. ער וואָלט נאַטירליך ניט קארג געווען, אבער זיין טאַש האָט איהם קיינמאָל ניט ערלויבט, א דאנק זיין פוילקייט, צו ספּענדען אויף א מיידעל אפילו א ני־קעל אין מואווינג־פּיקטשורס.

זייענדיג אמאָל אויף א באָל פון זיינע לאנדסלייט וואו ער פלעגט א דאנק זיין קרובה'שאפט מיט'ן סעקרעטער, א טיקעט בעקומען אומזיסט. פלעגט ער אויך דאָרט נישט קענען זיך ער־לויבען צו נאָהענט ווערען מיט א מיידעל, כדי ער זאָל זי ניט

ברויכען אבפיהרען א היים. קיין צוויי ניקעלס אויף קאר־פעיר האט ער זעלטען פערמעגט. ער איז געווען צופריעדען ווען נאכ'ן באל איז איהם געבליבען א ניקעל פאר זיך אליין. דאס רוב פלעגט ער נאך'ן באל א היים געהן צו פוס, ניט וועלענדיג בויגען זיין שטאלץ און זיך ווענדען צו א לאנדסמאן נאך א קליינעם גמילת־חסד.

---

אויף אזוי האט ער זיך געהיט פון א צו נאהענטער בע־קאנטשאפט אויפ'ן לעצטען באל וואס זיינע לאנדסלייט האבען פעראנשטאלטעט. בעמערקט אבער האט ער, ווי איין מיידעל א יונגס און א שעהנס מיט א זעהר גוטמוטיג און צוגעלאזטען פנים'ל, מיט שמייכלענדיגע אויגען, — קוקט איהם נאך, געזעט איהם נאך און שטעלט זיך זאגאר אוועק דארט וואו ער שטעלט זיך אפ צו דער דאזינגער מיידעל האט איהם עפעס אנגעהויבען צו ציהען. גראד איז איהם נאך פון די פאר דאלאר „פעי" געבלי־בען עטליכע ניקעלס און ער וועט זיך קענען ערלויבען, אויב מען וועט דארפען, אבפיהרען זי אהיים און צאהלען פאר איהר קאר־פעיר און אויב זי וועט ווערט זיין, וועט ער נאך אימשטאנד זיין צו טריטען איהר טאקי דא אין האל גופא מיט א גלאז לימאניאד, אויב זי וועט נאר זיין דורשטיג...

די בעקאנטשאפט איז געשלאסען געווארען איינס און צוויי. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז איהרע א חבר'טע האט מיט איהר שוין אמאל פון איהם גערעדט. — איהר זייט א מאדנער— האט זי געזאגט... איהר האסט די ארבייט!...

און דאס מיידעל האט זיך צולאכט און אין איהרע אויגען האבען זיך אזש טרעהרען בעוויזען. טויבקין האט זיך פון דעם דאזיגען געלעכטער אנפאנגס פערלארען, אבער באלד איז דאס מיידעל ערנסט געווארען, האט איהם אנגענומען פאר'ן האנד און זיך אנגערופען מיט אנטייל:

— איך פערשטעה אייך גאנץ גוט...

די דאזיגע ווערטער האבען טויבקין'ען שיעור נישט וויי־גען געמאכט. אזוי פערטרוייליך און חבר'יש זייגען זיי ארויס־געזאגט געווארען. ניט זייענדיג צו דרייסט מיט דעם שעהנעם געשלעכט, האט ער דאך דערפיהלט, אז ער מיז זי זיכער אנ־נעהמען פאר דער האנד.

און דאס מיידעל האט ניט נאר איהר האנד נישט אוועק־גענומען, זי האט זאגאר זיין האנד ארייננעדריקט אין איהרע און נישט אבגעלאזען...

טויבקין איז פון דער דאזיגער פריינדליכקייט געווארען ווי בערוישט. ער האט זי אינסטינקטיוו אנגערופען אן א זייט און ארייננקוקענדיג אין איהרע ריינע כמעט נאך אונשולדיגע, אבער זעהר קלוגע אויגען, האט ער אויסגערופען מיט פייער:

— איהר זייט די, נאך וועלכע איך האב געבענקט!

און אברוהענדיג זיך נאך דער דאזיגער ערקלעהרונג, האט ער צוגעגעבען:

— פאר אייך וואלט איך געארבייט מיט'ן גרעסטען חשק...

— איך וואלט עס געוואלט זעהן! — האט זי קאקעטיש אבער אויפריכטיג געזאגט און איהם אנגעקוקט מיט פארשענדע בליקען.

און צולאכענדיג זיך באלד ווי א גרויסע קינד, האט זי ארויסגעמורמעלט:

— איך פערלאנג עס נישט!

— אט טאקע דערפאר וואלט איך פאר אייך אזוי פלי־סיג געארבייט; ווייל איהר זענט ניט גלייך ווי אלע.

זי האט איהם בגנבה א דריק געטהאן די האנד. נאכדעם האט זי זיך גענומען פאכען און חנודיג געקרעכצט:

— אך, דא איז אזוי היים!...

און טויבקין, ווען עס איז באמת שוין שטארק היים געווארען האט צוגעגעבען:

—ווירקליך, זעהר היים. וועט איהר טרינקען א גלאז לימאנאד?

— יא... קומט צום בופעט.

ער האט פונקט געהאט צו בעצאהלען.

צום גליק האט דאס מיידעל געוואהנט ביי א זעקס בלאק פון זאל, וואו דער באל איז פארגעקומען און ער האט זי בע־גלייט צו פוס.

אין „האל" איז דער שידוך געשלאסען געווארען מיט א לאנגען קוש.

דער קוש וואלט נאך לענגער געדויערט, אבער א צווייטע אנקומענדע פארל האט איבערגעשלאגען.

נאך דעם ווי דאס פארעל איז אוועק האט טויבקין געוואלט דעם קוש פערלענגערן, אבער דאס מיידעל האט לאכענדיג זיך אבגערופען:

— היינט וועלען מיר עס מאכען בקיצור...

און טויבקין האט זיך בעגנוגענט מיט א שטארקען דריק מהאן איהר האנד, אברעדענדיג צו טרעפען זיך קינפטיגע וואך.

---

די דאזיגע ערשטע וואך האט טויבקין אבזיכטליך געאר־בייט אין אן אנדער שאפ, וואו קיינער האט איהם נישט גע־קענט. ער האט געוואלט ווערען אין גאנצען אן אנדערער, א נייער, א שמארקערער.

עס איז געווען אנפאנג פון סיזאן, ארבייט איז געווען לרוב און אויך דא האט טויבקין געארבייט פון שטיק. דער פאר־מאן האט ניט געקענט פערשטעהן וואו נעהמט זיך ביי דעם דאזיגען ערעלען יונגען מאן אזוי פיעל כח.

— מיין גאָט! — האָט דער פאַרמאַן ביי ענדע וואָך אַרויס־
גערופען פערוואונדערט — איהר אַרבייט דאָך פאַר דריי!
— ניין, בלויז פאַר צוויי... האָט טויבקין מיט א שמייכעל
געענטפערט.
און ווירקליך ער האָט געאַרבייט ניט אליין: ער האָט פאַר
זיך געזעהן דאָס מיידעל און האָט איהם מיט איהר ליעבען
שמייכעל צוגעהאָלפען און עס האָט זיך געאַרבייט אַזוי גרינג.
די אַרבייט האָט בעקומען א זין און אן אינהאַלט.

# וויסענשאפטליכע ליעבע.

אויסער דעם, וואס הערריי ווײנער איז געוועזען א שטאר־קער ברונעט, איז ער נאך דערצו געווען „וויסענשאפטליך" גע־בילדעט. אזוי פלעגט ער זיך אויסדריקען וועגען זיך אליין פאר זיינע בעקאנטע און חברים. איבערהויפט אבער פלעגט ער פראנטעווען מיט זיין וויסענשאפט פאר זיינע בעקאנטע מייד־לעך. איב אנדערע בחורים פלעגען קומען צו זייערע מייד־לעך יעדע וואך אין א נייעם „טאי" אדער אין א נייעם סטייל „קאֿ־לער", פלעגט ווײנער דוקא געהן שטענדיג אין איין ספּארט קאלער און אין איין טאי, — דערפאר אבער פלעגט ער יעדעס מאל קומען געקליידעט אין א נייער וויסענשאפט.

און אז ווײנער פלעגט נעהמען אויסלעגען זיינע וויסענ־שאפטען איז ער טאקי געווען אינטערעסאנט און אנציהענד אהן נייע קראוואטען און קראגענס. אט האט ער למשל געבראכט די נייעסטע סטייל וויסענשאפט וועגען ליעבע.

— און וואס מיינט איהר איז ליעבע אין גאנצען, ווען מען נעהמט עס וויסענשאפטליך? — האט ער א פרעג געטהאן אין קרייז פון עטליכע באיעם און א פּאר מיידלעך, איינע א ברונ־נעטע און די צווייטע א בלאנדינע. — וויסענשאפטליך גענומען איז עס בלויז דער „טריב" אויפצוהאלטען דעם מענשליכען מין.

— פאר וואס־זשע ווילען מיר דוקא שעהנע און געראָ־טענע? — האט איינער פון די באיעס געפרעגט בתמימות.

איז הערריי געבליבען אהן אן ענטפער, אבער ער האט נאכ־דעם דורכגעשטודירט א נייע וויסענשאפט און דאס צווייטע מאל האט ער שוין געהאט דעם ענטפער גרייט אין טאש.

— מיר ווילען דוקא שעהנע און געראַמענע, ווייל די נאַ־טור פערלאַנגט פון אונז, אז דער מענשליכער מין זאָל זיין וואָס שעהנער און פאָלקאָמענער.

אָבער מעהר פון אלץ האָט ער נעגלויבט אין דער וויסענ־שאפט, אז יעדער מאן זוכט דוקא אזא פרוי וואָס איז דער גע־גענזאץ פון איהם. אויב למשל ער איז א ברונעט, מוז ער ליע־בען א מיידעל וואָס איז בלאָנד.

די בלאָנדע מיידעל, וואָס האָט די דאָזיגע וויסענשאפט אויסגעהערט, האָט זיך געקרויטעלט און האָט גענטפערט:

— דאָס איז טאַקי אמת — מיך ציהט אלע מאָל צו ברונע־טע יונגע לייט.

— דאָס איז נישט קיין וואונדער! — האָט הערדי ווי א זיעגער אויסגעשטעלט זיינע שווארצע אויגען אויף איהר בלאָנ־דען קאָפּ האָר. — דאָס הייסט אין דער וויסענשאפט: „די דער־פילונג", דאָס הייסט, דער ברונעט פילט אויס אין איך דאָס, וואָס אין איך איז ניטאָ.

איינמאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל און א דאַנק דער טעאָרי האָט דאָס בלאָנדע מיידעל, וואָס האָט געהייסען בעלאָ, זיך פערליעבט אין דעם ברונעט הערדי ווינער.

און הערדי ווינער איז ניט געווען איבערראשט פון דער דאָ־זיגער ליעבע. וויסענשאפטליך איז עס זעהר נאַטירליך. איהר, דער בלאָנדער פרוי, ציהט צו איהם, צום ברונעטען מאן.

דערפאר פלעגט ער ניט ארויסווייזען קיין שום שפור פון איבערראשונג, ווען די בלאָנדע בעלאָ זיינע פלעגט אמאָל שמייכ־לען צו דעם בלאָנדען פריינד זיינעם, בערמאן. אמת, בערמאן איז געווען טאַקי א שעהנער יונגער מאן, אבער ווי באלד ער איז בלאָנד און בעלאָ איז בלאָנד, קען ביי זיי קיין ערנסטעס ניט פאָרקומען, אויסער פריינדשאפט ווי צווישען מאן און מאן אָדער פרוי און פרוי. צוויי בלאָנדע איז פונקט ווי איין מאן, מעג עס זיין בחור און מיידעל.

און ווען וויינערס פערעהרער (אלס וויסענשאפטסמאן האט ער געהאט פערעהרער) פלעגען אמאל איהם אויפמערקזאם מאַכען:

— דיין בעלא איז עפּעס צו פיעל מחותנת'טע מיט בערמאן.

— מיט דעם בלאנדען בערמאן? — פלעגט וויינער שמייכלען.

— יא, מיט דעם בלאנדען...

— זענט איהר אומזיסט חושד... — פלעגט וויינער נאָך טיעפזיניגער שמייכלען, — איך האב אייך שוין איינמאל געזאגט, אז וויסענשאפטליך קענען זיי איינע צו די אנדערע קיין שטארקען געפיהל ניט האבען, ווייל ער איז בלאנד און זי איז בלאנד!

און אזוי ווי וויינער האט על פי וויסענשאפט געוואוסט, אז דער מענש דארף זיך אמאל אויך אמוזירען, פלעגט ער אפט מיט זיין בעלא'ן געהן אויף א באל. אויף די בעלער זיינען געווען פערשיעדענע יונגע לייט. וויסענשאפטליך האט ער געוואוסט איז די פרווי פאליגאמיש, און דערפאר פלעגט ער בעלא'ן אבהיטען נאר פון ברונעטע יונגע לייט, אבער קוים איז ארומגענאנגען ארום בעלא'ן א בלאנדין, איז ער געווען רוהיג, פונקט ווי זי וואלט פערבראכט מיט א מיידעל.

אזוי האט זיך עס געצויגען א יאהר צייט.

ביז א פריינד זיינער האט איהם אבגערופען אמאל אין א זייט און איהם אריינגע'סוד'עט:

— איהר זאלט וויסען, וויינער, אז בעלא איז גאנץ ערענסט פערליעבט אין בערמאנ'ען.

— איהר זענט א נאר, — האט וויינער וויסענשאפטליך געשמייכעלט, — ער קען, אויסער א פריינד, קיין אינטערעס פאר איהר ניט האבען. איהר זענט ניט געניט וויסענשאפטליך

עס צו פערשטעהן. א בלאָנדע מיידעל ווי בעלא קען ליעבען בלויז אזא ווי איך — א ברונעט!

ביז וואנען עס איז אריבער א צייט, ווען וויינער האָט זיך נעכאפּט, אז בעלא איז באמת צו בערמאנ׳ען נישט גלייכגילטיג. עפּעס זעהט ער זיי צוזאמען צו אָפט און צו איהם, וויינער׳ן, אז זי קומט יא, זיצט זי ווי אויף שפּילקעס און איהר גאנצער גע־שפּרעך איז וועגען בערמאנ׳ען.

האָט איהם נישט געארט אזוי זיין ליעבע צו בעלא׳ן, ווי דאָס, וואָס די טעאָריע וועגען דער פערשידענהייט פון די מינים ווערט אזוי פערלעצט און פערשוועכט. און איינמאָל האָט ער זיך אנגענומען מיט מוט און זיך געווענדעט צו בעלא׳ן:

— איז דאָס מעגליך, אז דו, אן עכטע בלאָנדינע, זאָלסט היינגעריסען ווערען מיט איינעם פון דיין מין, אויך א בלאָנ־דין?...

— איך דאכט זיך נאָר, — האָט בעלא געשמייכעלט.

— וואָס דאכט זיך מיר, — האָט וויינער זיך אנגעכאפּט מיט פרייד.

— איך דאכט זיך, אז... — און זי האָט זיך אָבגעהאקט.

— אז וואָס?

— אז איך בין א בלאָנדע... — האָט בעלא נאָך פערדעכ־טיגער געשמייכעלט.

— וואָס דען ביזטו — א שווארצע? דיינע האָר זיינען דאָך עכט בלאָנד...

— יאָ... געוויס... בלאָנד... איך האָב זעהר ליעב בלאָנד... שטענדיג האָט מיך געצויגען צו בלאָנד און דערפאר האָב איך מיינע האָר אָבגעפארבט....

— הייסט עס, ביזט אליין נאָר א ברונעטע! — איז וויי־נער מיט פרייד אויפגעשפּרונגען.

און ערשט איצט האָט ער פֿערשטאַנען דעם סוד, פאַרוואָס איהר האָט אַזוי געצויגען צו בערמאַנ׳ען — הייסט עס, אַז די ווייסענשאַפֿט האָט געזיעגט.

# דער אויטאמאביל.

אז א מענש מוז זיך מיט עפעס אויסצייכענען, אויב ער וויל פערנעהמען א פלאץ אין לעבען און אין דער געזעלאפט — דאס האט דאבקין געוואוסט נאך זייענדיג אין ניו יארק. מיט וואס אבער צייכענט מען זיך אויס?

פון וואוקס איז ער מיטעלמעסיג, אויגען האט ער ווי אלע אידישע בחורים — שווארצע, און ביים טרייד איז ער א קלאוק־מאכער, ווי אלע קלאוקמאכערס. איז א סטרייק — סטרייקט ער מיט אלע, איז סלעק — הונגערט ער גלייך מיט אלע, און איז סיזאן — שפארט ער אב א פאר דאלאר און עסט זיי אויף אין נעכסטע סלעק — אויך ווי אלע. קויפט ער אמאל אן אנצוג מיט ארויפ־געגעבענע מאשען אנשטאט איינגענעהטע אינוועניג און מיינט אז דערמיט וועט ער זיך אויסצייכענען — כאפט ער זיך, אז דעם דאזיגען מין „סוט" טראגען שוין אלע און ער איז ניט דער איינציגער... קומט זומער די צייט פון די שטרויענע העטס און דאבקין קויפט זיך א פאנאמא און מיינט, אז דערמיט וועט ער זיך אויסצייכענען — ווייזט זיך ארויס, אז פאנאמא העטס טראגט שוין יעדערער. קויפט ער א געוועהנליכע שטרוי־העט, טראגט עס אודאי יעדערער — מיט איין ווארט: עס איז שווער היינטיגע צייטען מיט עפעס זיך אויסצוצייכענען!

האט ער זיך פערשריבען אין א קלאב פון „ליטעראטור, קונסט און דראמא" און געהאפט, אז ער וועט דארט ווערען א דעקלאמאטאר און פארלעזען אויף פערשיעדענע אונטערנעהמונ־גען, — האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער האט ניט קיין „דיקציע", און אהן דיקציע קאן מען ניט דעקלאמירען.

האָט ער זיך גענומען לערנען שפּילען פּיעדעל; אפשר וועט איהם די פּיעדעל ארויפּטראָגען אין דער הויך, — האָט ער זיך אויסגעלערענט א פּאָר לייכטע סאָנגס אויסשפּילען און ווייטער איז עס ניט געגאַנגען.

איז ער געוואָרען בייז אויף ניו יאָרק און איז אוועקגעפאָהרען אין א קלענערע שטאָדט. דאָרט, האָט ער געהאָפט, זיינען מענשען וועניגער און אפשר צווישען א קלענערע צאָהל מענשען וועט ער זיך לייכטער מיט וואָס עס איז קאָנען אויסצייכענען.

אין דער קאָונטרי האָט ער זיך גלייך בעקענט מיט די העכערע קרייזען, מיט די מאַכער און פיהרער פון די אלערליי פערבאַנדען און פּאַרטייען. געהאָפט האָט ער, אז אין דער קאָונטרי, וואו פעהיגע מענשען זיינען וועניג, וועט ער קאָנען זיך דערדיענען צו א וועלכען עס איז ראַנג. אבער אויך דאָ אין קאָונטרי האָט איהם ניט געגאָלטען, — אלע עמטער זיינען שוין געווען פערכאַפּט!

האָט ער אויפגעגעבען אלע האָפנונגען ווען עס איז ארויפצושווימען אויף דעם געזעלשאַפטליכען ים און האָט אָנגעהויבען לעבען רוהיג, ווי דער גרעסטער טייל פון דער מענשהייט, אויסזוכענדיג עפּעס א שטיקעל בעשעפטיגונג.

און גראָד דעמאָלט איז איהם געקומען א געדאַנק אין קאָפּ. ווי אזוי צו פערנעהמען א פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט.

פאַר די עטליכע הונדערט דאָלאַר, וואָס ער האָט אָבגעשפּאָרט וועט ער קויפען אן אויטאָמאָביל.

און איידער ער האָט נאָך דעם אויטאָמאָביל געקויפט, האָט ער שוין בעמערקט, ווי יעדער, ווען ער האָט זיין פּלאַן פערטרויט, האָט אויף איהם אָנגעהויבען צו קוקען מיט אכטונג.

— איז ווען, מר. דאָבקין, קויפט איהר איהם, דעם אויטאָמאָביל?

— איך לערן מיך צוערשט איהם פיהרען... — האט ער־
געמאלדען.

— איז ווי געהט עס ?...

— עס געהט גרויסארטיג, — איך האב גרויס פעהיג־
קייט...

און ענדליך איז דער אויטאמאביל געקויפט געווארען.

אבגעצאהלט פאר איהם די סומע, וואס ער האט פער־
מאגט און בלייבענדיג אהן איין פעני, האט דאבקין זיך גענו־
מען מעהרער צו ארבייטען. א דאנק דעם אויטאמאביל איז זיין
הוצאה פערגרעסערט געווארען. אן אויטאמאביל פאדערט א
דירה להבדיל ווי א מענש און ער האט געמוזט צאהלען פאר איהם
דירה־געלד. נאכדעם האט ער זיך געכאפט, אז מען קען איהם
גנבה'נען, האט ער איהר פערסטראכירט פאר גנבה, שפעטער
האט ער איהם פערסטראכירט אין פאל טאמער פאהרט ער אי־
בער א מענשען און עס וועט אויסקומען צו בעצאהלען פאר א
לעבען, זאל צאהלען די קאמפאניע... נאכדעם האט ער איהם
פערסטראכירט אין פאל ער צוברעכט זיך ביי אן אינצידענט
און נאך שפעטער אין פאל זיין אויטאמאביל צוברעכט אן אנדע־
רען...

ביז וואנען פאר איהם, דאבקינ'ען אליין איז נאר ניט גע־
בליבען...

פלעגט איהם מאנכעסמאל אויסקומען צו פאהרען א הונגע־
ריגער אויפ'ן אויטאמאביל...

אבער לאנג הונגערען ווען מען האט אן אויטאמאביל קומט
ניט אויס: ער זעצט זיך אוועק אויפ'ן אויטאמאביל סאפער־
טיים און פאהרט צו צו א בעקאנטענס הויז. אבשטעלענדיג זיך
ביים הויז, מערקט ער ווי אלע קוקען ארויס פון די פענסטער.
אין הויז דארט ווערט א גערודער: דאבקין איז געקומען מיט'ן
אויטאמאביל ! און אום דעם איינדרוק צו פערשטארקען, פארעט
ער זיך אביסעל ביי דעם מאטאר, דרעהט אב די גומענע ראד

און פערדרעהט צוריק, פערבייגעהער שטעלען זיך אב און קוקען און דאַבקין האָט פאר זיך דעמאָלט גרויס דרך־ארץ, — ענדליך זיך ארויפגעארבייט !...

נאַטירליך קומט ער אריין אין הויז „צופעליג" צו סאַפער... ער ווערט איינגעלאַדען צום טיש און דערפאר גיט ער נאָכ'ן סאַפער א רייד דעם יונגען ווייבעל מיט'ן קינד...

קיין געלט, ווי געזאָגט, פערמאָגט ער קיינמאָל ניט קיין פעני, אבער צו וואָס דארף ער געלט ? זייט ער האָט דעם אויטאָמאָביל זיינען פאר איהם אָפען אלע טהירען. ער איז א מעמבער אין קלוב פון אויטאָמאָבילען - אייגענטימער און אויך דאָרט כאַפּט ער א סאַפער, וואָס עס „טריט" איהם א רייכערער אמעריקאנער.

קומט ער אין אבענד א היים און כאַפּט זיך, אז ער האָט ניט קיין מעטש אָנצוצינדען די גאַז און קיין פּעני אויף א פּעקעל מעטשעס קויפען האָט ער ניט, געהט ער ארויס צוריק אויף דרויסען, דרעהט אָן די מאשין, רודערט מיט גדלות, לאָזט ארויס דאמפּ, קנאַלט ווי מיט באָמבען און זעצט זיך אוועק ביים מאָטאָר און יאָגט פייל אויסען בויגען.

מענשען בעוואונדערען זיין שנעל פליהען. דער פּאָליסמאַן וואָרענט איהם מיט'ן קלאָב פון ווייטען, אז ער וועט איהם אוועקפיהרען אין סטיישאָן, אבער דאַבקין הערט די ווערטער ניט.

דאָס יאָגט ער צו א בעקאַנטער פאמיליע נעהמען א פּאָר מעטשעס אָנצוצינדען די גאַז און אפשר וועט ער שוין בּאַרגען א דיים אויף מאָרגענדיגען ברעקפעסט...

און ער פליהט אויפ'ן אויטאָמאָביל פייל אויסען בויגען...

# דער נייער לעזער.

**אַ גרופּע יונגע** לייט, צווישען וועלכע איינִיגע זיינען געווען ליטעראַריש אָנגעהויכט און די איבעריגע אויך ניט פרעמד פון דעם וואָס מען רופט „שוואַרצע פינגטעלעך", זיינען געזעסען אין אַ קאַפע און געפיהרט אַ געשפּרעך וועגען דער ווירקונג פון ליטעראַטור אויפ'ן לעבען.

ווען דער שמועס האָט שוין אָנגעהאַלטען אין רעכטען ברען, האָט איינער פון דער גרופּע, אַ הויכער ברונעטער יונ־גער מאַן מיט פער'חלומ'טע, אָבער קלוגע אויגען אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד, אַ שמייכעל געטהאָן, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּיס קאָמישעס דערמאָהנט, ערנסט געוואָרען, ווי ער וואָלט שטאַרק נאָכגעדענקט פון אָן אַלטער, וויכטיגער פּאַסירונג, ווידער אַ שמייכעל געטהאָן און געבעטען דאָס וואָרט.

אַלע האָבען דערפיהלט, אַז דער דאָזיגער יונגער מאַן האָט עפּעס צו דערצעהלען און זיי זיינען אַלע אויפמערקזאַם געוואָ־רען. ער האָט אָנגעהויבען:

„איהר אַמפּערט זיך וועגען ביכער... וועגען לעזען, וועגען לעזער... די פראַגע האָט מיך אַלע מאָל אינטערעסירט. האָט דאָס בוך ווירקליך אָן איינפלוס אויפ'ן לעבען? אַז איך זיץ אַמאָל אין דער שטאָדטישער לייברערי, וואו מיליאָנען ביכער ליגען אין די אַלמערס, ווערט מיר מאָדנע אומעטיג. מיר דאַכט זיך, אַז ווען די אַלע ביכער וואָלטען באמת געווירקט און איינ־פלוס געהאַט, וואָלט די וועלט משוגע געוואָרען... שטעלט זיך פאָר, אַז די אַלע מתים וואָס ליגען בעגראָבען אויף די בית־עולם'ס זאָלען אויפשטעהן תחית המתים און זיך אַלע ארויסלאָ־זען פון די קברים און יעדער מת פון יעדען דור וואָלט גענומען

רעדען זיין שפּראַך און גענומען פאַרערען דאָס לעבען לויט זיינע אנשויאונגען, מען וואָלט געמוזט בויען דול הייזער... שטעלט זיך פאַר וויפיעל דולהייזער... עס וואָלטען נישט גע־קלעקט קיין פילאַנטראָפּען, וועלכע האָבען אזוי ליעב צו פער־זאָרגען די מענשהייט מיט די דאָזיגע וויכטיגע געביידען... אבער איך געה אראָפּ פון ענין... איך בין נאַר אויסען צו זאָ־גען, אז ביכער זיינען אין גרונד גענומען די לאַנגוויילינגסטע זאַך אין דער וועלט, און דער עיקר — מיר האָבען טיעף אין הארצען זיי נישט ליעב... אזוי ווי מיר האָבען נישט ליעב אין א געזעל־שאַפט פון יונגע בחורים און מיידלעך, אז עס כאַפּט זיך אריין א פערדיגער און הויבט אונז אָן צו דערצעהלען וועגען יענער וועלט...

„אבער אין מיין זכרון איז מיר געבליעבען א וונדערבאַ־רער לעזער.

ענטשולדיגט, וואָס איך דערצעהל אייך אזוי אין אַן אָב־געריסענער פאָרם. די פראגע אינטערעסירט מיך זעהר. פון מיינע פריהערדיגע בעמערקונגען מוזט איהר אודאי מיינען, אז איך בין א האסער פון ביכער... האָט איהר וויעדער א טעות. איך האָב בלויז מורא פאַר זיי, מיט זיי איז מיר אומעטיג, אבער איך וועל דאָך נישט וואגען צו זאָגען, אז די וועלט זאָל זיך בעגעהן אָהן ביכער.

„אלזאָ צוריק צו דעם לעזער.

„איין לעזער האָב איך קענען געלערענט נישט לאַנג אין ניו יאָרק אין א קאַר, וואָס איז געגאַנגען פון דאַון טאַון אין די בראָנקס — א לאַנגע רייזע. מיר איז געוועזען שטאַרק לאַנגווייליג. אבער מיין צייטונג האָב איך שוין געהאַט דורכגעלעזען אין די ערשטע פיער סטאַנציעס. איך לעז זעהר שנעל. נאַטירליך, ווען איך זאָל לעזען די ארטיקלען מיט'ן ראָמאַן, וואָלט מיר גע־קלעקט לעזע שטאָף נאָך אויף עטליכע סטאַנציעס, אבער די דאָזיגע זאַכען לעז איך ניט. איך בין צופיעל געשמאַקס־מענש!

האָב איך מיר געקוקט אויף מיין שכן, וואָס איז געזעסען געגענ־איבער מיר און האָט געלעזען א ביכעל. נישט קיין געבונדרענעם ביכעל. געלעזען האָט ער זעהר רוהיג, דאָס ערשטע זייטעל, נאָכ־דעם דאָס צווייטע און דאָ האָב איך בעמערקט, ווי דאָס ערשטע זייטעל ליגט נעבען זיינע פיס אויף דר׳ערד. איך האָב מיך אויפ־געשטעלט, איינגעבויגען און אויפגעהויבען דאָס בלעטעל און איהם דערלאנגט.

„ער האָט א שמייכעל געטהאָן און בעדאנקט און האָט דאָס בלעטעל צוריק אראָבגעלאָזט אויף דר׳ערד.

„די זאך איז מיר קשה געוואָרען. אבער איך האָב קיינע בעמערקונגען נישט געמאכט, האָב בלויז געקוקט דאָ אויף מיין שכנ׳דיגען לעזער, דאָ אויפ׳ן בלעטעל, וואָס איז געלעגען נעבען זיינע פיס...

„דערווייל איז פון דעם לעזער שוין א צווייט בלעטעל פ ע ר ש ל ו נ ג ע ן געוואָרען אינוועניג; דאָס האָב איך בע־מערקט לויט זיין אויסדרוק פון געזיכט. עס איז קענטיג גע־ווען אן אינטערעסאנט בלעטל, ווייל די אויגען זיינע האָבען געפינקעלט פייערליך. אבער באלד האָב איך געזעהן, ווי דאָס צוויי בלעטעל ליגט ביי זיינע פיס.

„אזוי איז געווען מיט׳ן דריטען און מיט׳ן פיערטען בלע־טעל פון מיין לעזער.

„האָב איך דאָ צו טהאָן מיט א משוגענעם ? איך האָב אָנ־געהויבען אביסעל מורא צו קריגען. אזא זאָנדערבארען לעזער האָב איך נאָך נישט געזעהן. נישט ער פערליערט די בלעטלעך, נאָר ער רייסט זיי אליין אָפּ ! מיין גאָט ! עס איז דאָך שטארק טשיקאווע. און דאָ אין וואגאָן זיינען ווענינ מענשען. עס איז געווען אין מיטען טאָג, ווען ניו יאָרק איז ביזי אין די שאָפּס, פעקטאָריעס, און רעדאקציעס. און וואָס א סטיישאָן ווייטער ווערט דער וואגאָן לעדיגער, טאָמער איז ער ווירקליך א משוגע־נער וועט ניט זיין צו וועמען זיך צו ווענדען נאָך הילף...

„און אזוי זיצענדיג האלב אין שרעק, האלב אין העכס־טער ערשטוינונג, איז דאס ביכעל וואס ער האט געלעזען שוין א האלבס אין אבגעריסענע בלעטלעך געלעגען נעבען זיינע פיס ווי ווייסע בלעטער פון א בוים... מאנכע בלעטלעך האבען זיך פערשארט צו מיר... איך האב איינס אויפגעהויבען און מיט שרעק גענומען ארייננדרינגען אין דעם אינהאלט. אבער דער אינהאלט איז געוועזען א גאנץ געוועהנליכער. עס איז געוועזען א פאמיליען־ראמאן, די העלדען האבען געטראגען אוניווער־סאלע נעמען, אזוי, אז עס איז מיר געווען שווער צו בעשטי־מען צי איז עס אן אריגינעל ענגלישער אדער איבערזעצטער ראמאן.

מיין נייגערינקייט איז געוואקסען ביז דער העכסטער שטו־פע. און דא זעה איך ווי דאס ביכעל איז שוין באלד אבגעריסען געווארען ביז דאס לעצטע בלעטעל, דאס הייסט, ער האלט שוין ביים ענדיגען. אין האנד האלט ער נאך צוויי דריי בלעטלעך, און אט לעזט ער שוין דאס לעצטע בלעטעל. די איבעריגע לי־גען אלע נעבען איהם אונטער די פיס, אויף מאנכע בלעטלעך טרעט ער זאגאר נאכלעסיג אן...

„אט איז שוין בלויז דאס לעצטע בלעטעל אין זיין האנד. ענדליך ווארפט ער אוועק דאס לעצטע, רייבט אב די שפיץ פינגער און צוגעניצט זיך ברייט. א גאנץ נארמאלער מענש, הייסט עס!

„איך האב שוין אויף איהם גענומען רוהיגער קוקען. מיין שרעק איז אריבער. קיין משוגע'נער איז ער זיכער נים. א משוגע־נער געניצט נים! אבער זיין טהאט איז דאך פארט אוננאר־מאל.

„זאל איך איהם פרעגען?

„איך בין אימער א שטיקעל בישן. מיט פרעמדע מענ־שען מאך איך זעלטען בעקאנטשאפט. איך בין אמאל געפאהרען פון ניו יארק ביז סאן פראנציסקא און האב מיט קיין מענשען

ניט אויסגערעדט קיין זייטיגען וואָרט, כאָטש מאנכע פון די פּאַ־סאזשירען האָבען מיך שטאַרק אינטערעסירט.

„אָבער דאָ האָב איך גובר געווען מיין שעמעוודיגקייט און האָב זיך צו איהם געווענדעט:

— וועט איהר מיר ערלויבען אייך עפּעס צו פרעגען?

דער מאַן האָט מיך פריינדליך אָנגעקוקט און געענטפערט:

— מיט פערגעניגען.

„זיין ווייכער ענטפער האָט מיר נאָך מעהר מוטה צוגע־געבען און איך בין גלייך צוגעשטאַנען צו דער עצם פראַגע:

— ווארום לעזט איהר אַזוי זאָנדערבאַר א בוך?

— ווארום זאָנדערבאַר? — האָט ער מיך אָנגעקוקט.

— איך מיין — אַז דאָס אַבּרייסען יעדעס איבערגעלע־זען בלעטעל...

— אַך, דאָס מיינט איהר... האָט ער זיך צושמייכעלט — איך בין שוין אַזוי געוואָהנט צו בעהאַנדלען אַזוי מיינע ראָ־מאַנען, אַז איך מערק גאָר ניט, אַז דאָס איז פאַר א זייטיגען מענשען אביסעל איבערראַשענד, איך פערגעס מיך, ענטשול־דיגט... אָבער איך טהו עס פּשוט דערפאַר, ווייל דאָס ביכעל האָט ביי מיר קיין שום ווערטה נישט... צו וואָס זאָל איך האַלטען אין האַנד אַן איבעריגע משא, אָבגעלעזען און פריי געוואָרען. עס איז דאָך גרינגער אין האַנד. איהר פערשטעהט? צו וואָס זאָל א מענש זיך שווער מאַכען ווען ער קען זיך פערגרינגערען.

„און בעמערקענדיג דעם נומער פון דעם סטיישאַן וואו די קאַר האָט זיך אָבגעשטעלט, איז ער איילענדיג ארויסגעגאַנגען געבענדיג זיך א פריינדליכען נויג.

„נאָך זיין אוועקגאַנג האָב איך מיך פערטראַכט. צי האָב איך נישט געטראָפען דעם קליגסטען לעזער אין דער וועלט? א מענש קויפט א ביליגען ביכעל, לעזען מוז ער, ווייל די קאַר געהט, לויט דעם טעמפּעראַמענט פון דעם היינטיגען שנעלען מענשען, צו לאַנגזאַם. נון קויפט ער א ביכעל פאַר א ניקעל, צי

פאר צעהן סענט, דאס געלד האט ביי איהם קיין ווערט. צו וואס נוצט איהם אין אמת'ן דאס אבגעלעזענע בלעטעל. צו וואס זאל ער אן איבעריגע משא האלטען אין האנד. ער וויל זיך פון דאס אבגעלעזענע בלעטעל גלייך בעפרייען...

„און מיר — מיינע פריינד — האט דער יונגער מאן מיט א בעלעהרענדען שמייכעל געענדיגט — מיר ווילען גאנצע ביבליאטעקען טראגען אויף זיך און אין זיך... איז דאס נישט אביסעל צו שווער?"...

די צוהערער האבען זיך איבערגעקוקט און ניט געקענט געפינען גלייך קיין ווארט אבצושלאגען דעם דערצעהלער. עס איז אבער געווען קענטיג, אז זיי זיינען שטארק נישט צופריעדען...

# ער האט געלאכט.

דער שטילסטער פון אלע די, וואס פלעגען בעזוכען די קליינע קאפע אויף דער איסט־סייד, איז געווען מר. בערקמאן. נים קוקענדיג, וואס אין קאפע־הויז איז געווען נים איבריג גערוים און יעדער טישעל פלעגט זיין בעזעצט פון עטליכע פארשוינען, האט בערקמאן זיך שטענדיג „געקליגט" צו געפי־נען א טישעל פאר זיך אליין, טאמער פלעגט אזא טישעל פארט ניט זיין, פלעגט ער זיך צוזעצען נעבען „באס" פון קאפע־הויז, וועמעס פלאץ עס איז געווען אין סאמע ווינקעל. מיט'ן באס איז ער ניט געווען מחויב צו רעדען, בפרט, אז דער באס איז אליין ניט געווען קיין שטארק־רעדעוודיגער, עסען פלעגט מען בערקמאנ'ען זעלטען ווען זעהן, דאס רוב פלעגט ער טרינ־קען א „שווארצע" — אזוי האט געהייסען פערקירצט קאפע אהן מילך. אז מען האט איהם איינמאל, ווען ער איז געווען אין א עטוואס רעדעוודיגער שטימונג, געפרעגט:

— וואס טרינקט איהר, מר. בערקמאן, שטענדיג שווארצע קאווע?

פלעגט ער מיט א טרוקענע אויסדרוק אויפ'ן פנים ענטפע־רען:

— ערשטענס האב איך ליעב דעם קאליר, און צווייטענס רודערט עס מיך א ביסעל אויף.

אבער ניכער איז געווען ריכטיגער דאס ערשטע, אז ער האט ליעב דעם קאליער, ווייל וואס אנבעטרעפט דאס אויפ־רודערן, איז געווען איבערגעטריבען: נאך דער „שווארצער" וואס ער פלעגט אויסטרינקען פלעגט ער בלייבען זיצען אזוי שטיל און פערטיעפט, ווי בעפאר. זעלטען ווען ער פלעגט ענטפערען

איינעם, וואָס פלעגט פערבייגעהן זיין טישעל, אויפ'ן „העלאָו בערקמאן", מיט א שטילען „אָלרייט". דאָס רוב פלעגט ער יוצא זיין אויף א בענריסונג ענטפערן מיט א דריק מיט'ן פלייצע, וואָס דאָס האָט געזאָלט בעדייטען: „וויים איך וואָס—אָט גאָרנישט"...

עס פלעגט אבער פאסירען, אז ער האָט זיך אמאָל געוואָלט גאָר שטארק אויפרודערען, דאן פלעגט ער אויסטרינקען צוויי שווארצע. נאָך דער צווייטער „שווארצער" פלעגט ער ארויס־גענומען פון קעשענע דאָס טיכעל, זיך אָבווישען דעם שוויים און האָט ווי עפּעס געמורמעלט און דערביי געפּויקט מיט די צוויי מיטעלסטע פינגער פון דער רעכטער האנד אויפ'ן טיש. דאָס האָט געהייסען, אז ער איז שטארק אויפגערודערט, אז זיי־נע נערוועז האָבען זיך צושפּיעלט און אויב מען פלעגט איהם דאן, פערבייגעהענדיג זיין טישעל, בעגריסען, פלעגט ער שוין ענטפערען ברייטער:

— עס, גאָר נישט... מען וועט מוזען שטארבען!

דאָס איז געווען דער איינציגער וויץ, וואָס ער פלעגט נו־צען אין דעם קאפע־הויז. און ווי באלד ער פלעגט דעם דאָזי־גען וויץ אבזאָגען, פלעגט ער זיך פיהלען אין א געהויבענער שטימונג און שוין אויסרעדען נאָך עטליכע ווערטער.

אָבער נאָך אזא געהויבענער שטימונג, פלעגט באלד אָנ־קומען א רעאקציע. זיין שטימונג פלעגט פאלען צוריק. ער פלעגט ניט נאָר אויפהערען מורמלען און פויקען מיט די פינגער נאָר זיין געזיכט פלעגט נאָך אננעהמען אן ערנסטערן און טרו־קענערען אויסזעהן, ווי בעפאָר, איידער ער האָט געטרונקען די צוויי „שווארצע". דעם קעלנער פלעגט ער דאן צורופען מיט א וואונק, שטילערהייט בעצאָהלען און ארויסגעהן פון קאפע צו־ריק אין אָפיס, וואו ער האָט געארבייט שוין זייט יאָהרען.

---

איינמאָל איז בערקמאן אריין אין קאפע־הויז און אנשטאָט אויסצוגעפינען א לעדיגע טישעל און זיצען אליין ביי א גלאָז

שווארצע, האט ער גראד זיך אנידערגעזעצט נעבען אן ענג־בעזעצטען טישעל און אז דער קעלנער האט איהם געבראכט, ניט געפרענטערהייד די גלאז שווארצע, האט ער איהם אנגע־קוקט מיט פערוואונדערונג און געפרעגט:

— פון וואנען ווייסט איהר, אז איך וויל שווארצע.

— איהר טרינקט דאך אלע מאל שווארצע... האט דער קעלנער ווי פערשולדיגט געענטפערט.

— איך מעג דאך אבער אמאל ענדערן מיין ארט לעבען און טרינקען א ווייסע קאווע — האט בערקמאן ווי געבעטען ערלויבניש.

דער קעלנער האט געשמייכעלט פערווירט און געענט־פערט:

— געווים... פאר אייער ניקעל...

אז דער קעלנער האט איהם געבראכט די גלאז ווייסע קאווע, האט בערקמאן זי אויפגעהויבען אין דער הויך, אוועק־געשטעלט זי צוריק, בעטראכט און געזאגט צופריעדען.

— עס זעהט אויס זעהר שעהן...

און אבטרינקענדיג די ערשטע צוויי שלוקען, האט ער אנגעקוקט די זיצענדיגע ביים טישעל און צו איינעם, וועלכען ער האט נעקענט שוין זייט יאהרען, זיך אנגערופען:

— איהר ווייסט, מר. ניומאן, וואס מיט מיר האט היינט פאסירט?

אלע ביים טישעל האבען זיך אנגעשטרענגט און זיינען געווארען אויפמערקזאם, מר. ניומאן אליין האט געשמייכעלט און איבערגעפרעגט:

— וואס, אינטערעסאנט...

— זעהר אינטערעסאנט... האט בערקמאן, ווי צורודערט נערעדט... אלענפאלס פאר מיר... איהר ווייסט...

— ווירקליך.. איז ניומאן נייגעריג געווארען, וואס האט

געקענט מיט דעם שטילען, רוהיגען און פּינקטליכען בערק־מאַנ׳ען פּאַסירען.

— איהר וועט אבער ניט גלויבען... האָט בערקמאַן ווידער אָנגעהויבען צו דערצעהלען די פּאַסירונג און ניט געקענט צו־קומען צו איהר...

ער האָט נאָך א שלוק געטהאָן פון גלאָז און אבגעאָטעמט, ווי פערנעהמענדיג זיך א וויכטיגע זאך צו טהאָן און ענדליך געזאָגט:

— איהר ווייסט... איך האָב היינט שרעקליך געלאכט...

— געלאכט? — האָט ניומאַן ניט פערשטאַנען און א שמייכעל געטהאָן.

— יא... איז בערקמאַן אויפגעלעבט געוואָרען און די אויגען זיינע האָבען בעקומען א מאָדנעם אויסדרוק, ווי זיי וואָל־טען עפּעס געזעהן זאכען, וואָס קיינער זעהט ניט... יא, מר. ניומאַן — איך האָב היינט געלאכט...

— ווירקליך?... האָט ניומאַן ניט געוואוסט ווי אזוי צו רעאַגירען אויף בערקמאַנ׳ס ענטדעקונג.

— איך פערזיכער אייך — האָט בערקמאַן זיך שוין צו־היצט... געלאכט... און שטאַרק געלאכט, אויפ׳ן קול... מאַקע ווי מען לאכט אויף אן אמת.

— פון וואָס פאַרט? — איז שוין ניומאַן נייגעריג גע־וואָרען...

— דוקא פון א קליינינקייט... די בוכקיפּערין האָט גע־מאַכט א גרייז, א קאָמישען גרייז. אבער איך האָב אין מיין לע־בען שוין געזעהן גרעסערע און קאָמישערע גרייזען, און האָב אפילו קיין שמייכעל ניט געטהאָן... און דאָס מאָל — איהר הערט — האָב איך אזוי פיעל געלאכט...

די דערבייזיצענדיגע האָבען זיך אומגעקוקט און ניומאַן האָט געשמייכעלט און זיך אבגערופען:

— ווירקליך, לויט אייער כאראקטער איז מאקע א וואונ־דער. אלענפאלס, האב איך קיינמאל אייך ניט געהערט לאכען...

— אט דאס איז דאך דאס!... האט זיך בערקמאן נאך מעהר צוהיצט — איהר ווייסט ווי לאנג איך האב שוין ניט גע־לאכט?

— ווי לאנג?... — איז ניומאן נייגעריג געווארען אויף אן אמת...

— שוין פינף־און־צוואנציג יאהר... איך בין דעמאלט געווען אכטצעהן יאהר, געלערנט האב איך אין דער ישיבה... האט מיך דערפאר דער ראש ישיבה גוט אויסגעזידעלט...

— האט איהר זייט דעמאלט ניט געלאכט? — האבען ביים טישעל אייניגע מיט אמאל אויסגעשריען.

— קיין איינציג מאל! — האט בערקמאן פערזיכערט. און דערפאר מאקע, ברידער מיינע, שרעקט מיך אזוי דאס הארץ דאס היינטיגע לאכען... עס איז עפעס ניט גלאט... איך האב זעהר מורא...

— רעדט ניט קיין נארישקייטען! — האט איהם ניומאן בערוהיגט....

— ניין, — האט זיך בערקמאן געהאלטען פעסט ביי זיינס און זיינע אויגען זיינען ווי מומנער געווארען — איך פיהל, אז דאס איז ניט אומזיסט... עס איז עפעס געקומען אין מיר אן ענדערונג... איך פיהל עס...

— איך זאג אייך, אז עס איז גארנישט מיט גארנישט... האט איהם ניומאן געטרייסט — איהר וועט נאך אמאל לא־כען...

— ניין! — האט זיך בערקמאן שוין אויף אן אמת דער־שראקען — מיר איז גענוג דאס מאל! די ענדערונג וואס דאס היינטיגע לאכען האט אנגעמאכט אין מיין לעבען איז ניט צו גוטען... עפעס פיהל איך, אז מעהר האב איך ניט צו טהאן דא אויף דער וועלט... זיך אויסגעלאכט און גענוג... אזוי האב

איך אלץ אויף עפּעס געוואַרט... איצט איז מיר גאָרנישט געבליבן... איך פיהל בלויז אַ מאָדנע פּוסטקייט...

ער האָט אַ שלוק געטהאָן ווי געצוואונגענערהייד פון גלאָז, נאָכדעם מיט פעראַכטונג זי אַבגערוקט פון זיך און האָט אַראָבגעלאָזט פערצווייפעלט דעם קאָפּ...

# די פרעמדע.

דער הויפט אומעט איז אין רעסטאראן בעשטאנען אין דעם, וואס די געסט זיינען געוועזן יעדען טאג איינע און דיזעלבע און די געשפרעכען האבען זיך געוויקעלט אויף צוויי־דריי פאסירונגען. נאך אן אורזאכע איז געווען, וואס דער רעסטאראן האט צווישען די געסט ניט פערמאגט קיין פרויען. די איינציגע פרוי וואס פלעגט יא דארט פערברענגען א געוויסען טייל פון טאג און פון אבענד, איז אפילו געווען א זעהר סימפאטישע מיט גרויסע בלויע אויגען און מיט א גאלדענעם קאפ האר. לייַדער איז זי שוין געווען אזוי פערוואנדט מיט די אלע געסט פון דעם רעסטאראן, אז צייטענווייז פלעגט מען גאר פערגעסען, אז זי איז א פרוי. סיי איהר בעעשפטיגונג און סיי איהר האלטונג איז געווען מעהר אדער ווענינער מענליך. פלעגט אמאל אויסקומען צו איבערדערצעהלען א שארפערען וויטץ פלעגט מען פון דרכי שלום ווענען אין איהר אנוועזענהייט דעם וויטץ איבערדערצעהלען כלומרשט בסוד.

זי אבער פלעגט זיך בעמיהען אויפצוכאפען איהם און אויב ער איז ווירקליך שארף געווען פלעגט זי לאכען גלייך מיט די מענער און בעמערקען: — וואס־זשע האט איהר אזוי מורא געהאט? — א גאנץ אונשולדיגער וויטץ?...

דער רעסטאראן האט געהאט א נאמען ווייט ארום. אז א „בעסערער" בחור פלעגט וועלען פאר זיין נייער מיידעל זיך אויספיינען, פלעגט ער איהר פיהרען אויף א דינער אין דעם דאזיגען רעסטאראן. אבער די פרעמדע געסט האבען ניט געלאזען קיין רושם אויף די שטענדיגע. אזא פארעל פלעגט זיך פיהלען דא ווי פערבלאנדזשעטע. ווער רערט, אז דאס מיי־

דעל איז ווירקליך שעהן געווען, פלעגט זי פיהלען ווי עס שטע־כען איהר דורך די בליקען פון דעם אינגסטען ביז דעם עלטס־טען גאסט, און פלעגט זיך בעטען ביים בחור, ער זאל וואס שנע־לער בעצאהלען און בעפרייען זי פון דעם דאזיגען זעהר אינ־טערעסאנטען פלאץ.

דערפאר האט אריינגעטראגען א נייעם שטראם־לעבען, ווען דער שריפטשטעלער מיט די לאנגע האר און גרויסע, דיקע וואנ־צעס האט איינמאל אריינגעפיהרט אין דער דאזיגער קאפע זיין בעקאנטע שיקסע. דאס איז געווען א הויכע, שלאנקע בלאנ־דע אמעריקאנערין, מיט א עטוואס פרעכען, עטוואס קלוגען און עטוואס שמייכעלדיגען בליק. אריינגעגאנגען איז זי אהער דרייסט און פריי, געקוקט אלעמען אפען אין פנים אריין און אוועקזעצענדיג זיך מיט דעם שריפטשטעלער ביי א שוין־בע־זעצטען טישעל, האט זי, נאכדעם ווי זי איז פארגעשטעלט גע־ווארען, אויסגעצויגען יעדען די האנט און פריינדליך צוגעשמיי־כעלט.

דער רעסטאראן האט אבגעלעבט. ביי די ארומיגע טישען זיינען די געשפרעכען געווארען נייער און אינטערעסאנטער. דער עלטערער גאסט, מיסטער יענקילסאן האט בעשטעלט קאפע און א סיגאר און זיך פארבערייט צו א גרויסען יום־טוב...

שפעטער איז די אויפלעבונג נאך גרעסער געווארען. די שיקסע האט גענומען א סיגארעטעל ביי איהר פריינד דעם שריפטשטעלער, האט איהם גראציעז פעררויכערט און דרייסט ארויסגעלאזען דעם רויך פון איהר שעהנעם, עטוואס קרומלי־כען מויל.

בלויז די איינציגע פרוי פון רעסטאראן האט זיך דער־פיהלט ווי בעליידיגט. זי האט געקוקט אויף דער שיקסע מיט איפערזוכט און זיך אנגערופען:

— דאס איז אן עכטע באהעמין!

געזוכט האָט זי ביי די פּאָר מענער אונטערשטיצונג. אבער די פּאָר מענער וואָס זיינען געזעסען נעבען איהר זיינען געווען אזוי פערכאַפּט פון דער רייצענדער שיקסע מיט'ן סיגארע־טעל אין מויל, אז איינער האָט מיט ענטציקונג אויסגערופען: אך, ווי הערליך! און דער צווייטער האָט אבגע'פּסק'נט, אז עס איז ניטאָ קיין שעהנערע זאך, ווי א מיידעל וואָס רויכערט.

דאן האָט די אידישקע א זיפץ געטהאן און זיך אָנגערופען:

— אין דער היים, ביי מיר אין צימער, רויכער איך אויך אמאָל א סיגארעטעל, אבער דאָ האָב איך קיין העזה...

איהר מודה זיין זיך אבער האָט איהר מערכה ניט פער־ריכט. איינער פון די צוויי מענער ביים טישעל האָט זי אָנגע־קוקט און געזאָגט:

— איך גלויב קוים, צי אייך וואָלט אזוי געפּאסט א סיגאַ־רעטעל, ווי דער קריסטין...

— פאר וואָס מיינט איהר אזוי? — האָט די אידישקע מיט ביטערקייט געפרעגט.

און ניט בעקומענדיג קיין ענטפער האָט זי זיך געווענדעט צום צווייטען:

— גיט מיר טאקע א סיגארעטעל, איך וועל אויך פער־רויכערען.

דער מאַן האָט איהר געגעבען א סיגארעטעל. זי האָט עס בעטראַכט. נאָכדעם האָט זי זיך אומגעקוקט און רויט ווערענ־דיג, געזאָגט:

— איך שעם זיך...

— הערט איהר, אַט דאָס איז דאך דאָס! — האָט איי־נער פון די צוויי איהר אבגעענטפערט ווי מיט חוזק — זעהט איהר ווי יענע רויכערט! זי פערברענט אלעמען מיט איהר רייץ.

דאן האָט די אידישקע גענומען דעם סיגארעטעל, צו

געטראָגן צום מויל, אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און פֿאַררוי־
כערט.

אָבער ביים ערשטן ציה וואָס זי האָט געגעבן, האָט זי
זיך פֿאַרקרימט, דעם שטערן פֿאַרקניטשט און האָט אויסגע־
זען ווי זי וואָלט געליטן פֿון ציינווייטאָג און זי נוצט
דאָס סיגאַרעטל אַלס אַ סגולה...

נעגנאַיבער איז געזעסן די שיקסע און האָט מיט גראַציע
געהאַלטן דעם סיגאַרעטל צווישן איהרע שעהנע, לאַנגע
פֿינגער און מיט גרויס חן איהם צוגעטראָגן צום מויל און בע־
צויבערט אַלע געסט פֿון רעסטאָראַנט...

פֿאַרברענגענדיג אַ געוויסע צייט איז די שיקסע ענדליך
מיעד געוואָרן פֿון די נייע געשפּרעכן און פֿון אָנשטרענגונג
אונטערצוהאַלטן דאָס, וואָס איז איהר אַזוי ווייט און פֿרעמד.
זי האָט חנ'עוודיג גערופֿן איהר פֿריינד דעם שריפֿטשטע־
לער.

אַלע בליקן זיינען געווענדט געוואָרן צו איהר, אַנ־
דערע האָבן איהר געוואָלט העלפֿן אָנטהאָן דאָס זשאַקעטעל,
כאָטש דער שריפֿטשטעלער און דער קעלנער האָבן עס ביידע
געטהאָן בשלימות.

זי האָט קאָקעטיש געשמייכעלט צו די געסט, געוואָרפֿן אַ
בליק צו דעם עלטערן גאַסט יענקעלסאָן, וועמענס פּנים עס
האָט זיך צוגאָסען אין אַ זיסקייט און זי איז מיט קליינע שעהנע
און שטאָלצע טריט אַרויס צוזאַמען מיט'ן שריפֿטשטעלער.

אין רעסטאָראַן איז דער אומעט גרעסער געוואָרן, אַ לענ־
גערע צייט זיינען אַלע געזעסן און קיין שום געשפּרעך האָט
זיך ניט געבונדן. די איינציגע אידישע פֿרוי איז געזעסן ביי
אַ זייטיגן טישעל איינע אַליין און געטראַכט פֿון סיגאַרעטלעך,
פֿאַרשוואונדענע יאָהרען און האָט ענדליך צוגערופֿן דעם קעל־
נער, ניט וויסענדיג וואָס זי זאָל בעשטעלען...

# די צוויי מוטערס.

די ערשטע בעקאנטשאפט איז פארגעקומען אויף א באל. נאכדעם האט מען זיך געטראפען אין פארק ביי דער מוזיק, איז מען שוין נעהנטער געווארען, איז מען געגאנגען צוזאמען אין א קינעמאטאגראף און אין דער האלב־דונקעלהייט געהאלטען איי־נע די אנדערע די הענד, און זי איהר קאפ אויף זיין אקסעל. נאך שפעטער האט מען שוין געוואגט געהן אין א רעסטאראן אויף סאפער. אין א צייט ארום האט מען זיך שוין געקושט ביים גע־זעגענען זיך אין האל פון איהר וואוינונג אין א טענעמענט־הויז.

ארויפגעגאנגען איינע צו די אנדערע איז מען נאך ניט. זי, לילי, געבוירען אין אמעריקא, האט דא א פאטער און מוטער. ער, וואלפסאן, געקומען אלס א יונגער באיטשיקעל, האט דא בלויז א מוטער. דער פאטער איז שוין דא געשטארבען. אבער סיי לי־לי'ס עלטערען, סיי וואלפסאנס מוטער, געהערען ניט צו דעם סארט, אז אזא אויפגעקלערט און ראדיקאל פארעל, ווי וואלפסאן און לילי זאלען זיך אינטערעסירען מיט זייערע מיינונגען.

אפילו שפעטער, ווען דאס פארעל האט פראנק און פריי זיך ערקלערט פאר חתן־כלה, האבען סיי לילי'ס עלטערען, סיי וואלפ־סאנ'ס מוטער, די אלמנה, דונקעל דערפון געוואוסט. וואלפ־סאנ'ס מוטער האט ערפאהרען פון דער נעקסט־דאריגער, אז איהר באי געהט אוים מיט א מיידעל אן אמעריקאנערין, האט זי באטש געוואלט וויסען, צי איז זי א אידישקע און ניט קיין אי־טאליענערין, ווי עס פאסירט אמאל דא אין דער דאזיגער מדינה. לילי'ס עלטערען האבען אויך דאסזעלבע ערפאהרען פון אנדערע, אז זייער טאכטער האט שוין געפאקט א באי, און דער

גוטער יאָהר ווייס איהם ווער ער איז. אבער אזוי ווי קיין גרויסע דעה האָבען זיי ביי זייער טאַכטער ניט געהאַט, האָבען זיי זיך געמאַכט האלב ניט וויסענדיג.

ערפאַהרען האָבען לילי'ס עלטערען און וואַלפסאָנ'ס מו־טער, ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבען ארויסגענומען לייסענס. ערשט דעמאָלט האָט וואַלפסאָן ארויפגעפיהרט לילי'ן צו זיין מו־טער און האָט איהר פאָרגעשטעלט.

— מאַמע, אָט דאָס איז מיין ווייבעלע! — האָט ער מיט א שמייכעל אָנגעוויזען אויף דער בלאָנדער לילי'ן.

די מוטער האָט זי בעטראַכט און, דערזעהענדיג איהר בלי־הענדען פּנים'ל מיט די גרויסע בלויע אויגען, האָט זי זיך מיט פרייד צואוויינט און אויסגעזונגען תחינה'דיג:

— ווען דער טאַטע וואָלט לעבען, וואָלט ער נחת געהאַט.

און נאָך א קליינעם שווייגען, וואָס איהר וויינען האָט פער־אורזאכט, האָט זי זיך געווענדעט צו איהר נייער שנור:

— קענסטו כאָטש אביסעל אידיש ריידען?

לילי האָט זיך פערשעמט און געענטפערט:

— נאָט וועריִ, באָט אביסעל קאָן איך...

— אביסעל איז אויך גוט — איז די אלמנה צופריעדען גע־בליבען מיט'ן ביסעל.

דאָס זעלבע איז געשעהן, ווען וואַלפסאָן האָט זיך געלאָזט פאָרשטעלען פון לילי'ן פאר איהרע עלטערען. דאָ איז שוין אבער געווען א פאָטער און א מוטער. ווען די מוטער, א אידענע פון דעם אלטען טיפּ, האָט ניט געוואגט פיעל צו רעדען מיט איהר איידים, האָט דערפאר דער פאָטער, אן עלטערער איד מיט א גרויער באָרד, גענומען איהם אויפ'ן פערהער:

— דו ביזט טאַקע געבוירען אין ניו יאָרק?

און ערפאַהרענדיג, אז ער איז געבאָרען ערגיץ אין א ליט־ווישער שטעדטעל און איז דאָרט געגאַנגען אין חדר, איז ער גע־וואָרען א סך ווייכער און האָט אין הארצען מודה געווען, אז אליין

וואָלט פאַר זיין טאָכטער קיין בעסערן חתן דאָ ניט געקראָגן.

געגומען א דירה, האָט לילי ניט געקאָנט די ערשטע צייט זיין א באַלעבאָסטע. איז געקומען דאָ איהר מאמע, דאָ וואָלפ־סאָנ׳ס מוטער די אלמנה, און ביי ביידען איז אָנגעגאַנגען א שטילער קאמף, ביידע מאמעס האָבען געוואָלט זיך ארויסווייזען אַלץ ניצליכער פאַר זייערע יונגע קינדער.

וואָלפסאָנ׳ס מאמע, אלס א וואויל־געלערענטע פרוי פון דער היים, האָט איהר געלערענט כשרות. דערפאַר האָט לילי׳ס מוטער, אלס רייכערע, איהר געלערענט ווי אַזוי צו מאכען פער־שיעדענע מאכלים, אין וואָס די אלמנה איז שוין ניט געוועזן אַזוי בעהאַווענט. האָט עס איהר שטאַרק פערדראָסען און זי האָט איהר דערפאַר אויסגעלערענט ווי אַזוי צו בראָטען א הערינג אין פו־טער, פון וואָס לילי׳ס מוטער, אלס רייכערע, האָט פון אַזאַ אָרי־מען מאכל ניט געוואוסט. איז לילי׳ס מוטער געוואָרען אייפער־זיכטיג אויף דעם געבראָטענעם הערינג און האָט איהר טאָכטער גענומען לערנען, ווי אַזוי צו פּרעגלען סאָק. האָט וואָלפסאָנ׳ס מוטער, די שוויגער, זי געלערענט ווי אַזוי מען דאַרף זיין א כשר׳ע אידישע טאָכטער...

אַזוי איז אָנגעגאַנגען א שטילער אבער גענוג פערביסע־נער קאמפף צווישען די צוויי מוטערס. לילי׳ס מוטער האָט זיך אַלץ געראַכט, אַז די שוויגער די אלמנה קויפט זיך איין ביי איהר טאָכטער און נעהמט זי ביסלעכווייז פון איהר אַוועק, און דער אלמנה האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז וויפיעל זי מהוט ניט פאַר איהר שנור איז ווייניג, און לילי איז צו איהר צו קאַלט...

שפּעטער האָט לילי דערפיהלט, דאָס וואָס יעדע יונגע ווייַ־בעל דערפיהלט א פּאָר מאָנאַט נאָך דער חתונה... האָט זיך ווייַ־דער אָנגעהויבען א קאמפף ביי די מוטערס מיט די פערשיעדע־נע סגולות, וואָס ביידע אלס געניטע געווינערינס האָבען פער־מעגט לרוב.

דערפאַר אבער, אַז עס איז געקומען די צייט און לילי האָט

געגומען געהן צו קינד און עס האט איהר אנגעכאפט שווער׳ע וועהען, איז די אלמנה ווי אויפגעלעבט געווארען. ווערהרענד לי־לי׳ס מוטער האט געבראכט א נוירס מיט א דאקטאר, איז די שוויגער גלייך אוועקגעלאפען אויפ׳ן בית־עולם צום מאן.

געקומען אין א פאר שעה ארום פון בית־עולם מיט א גע־שוואלען געזיכט, האט זי דערהערט, אז דער שנור איז שוין בע־סער און באלד, באלד...

און ווירקליך האט זיך פון לילי׳ס צימער דערהערט א גע־שריי פון א ניי־געבוירען בעשעפענישעל... דאס האט לילי גע־בוירען א טאכטעריל...

— איך האב באלד געוואוסט, האט די אלמנה זיך געווענדט מיט א שטאלצע מינע צו איהר מחותנת׳טע, לילי׳ס מוטער — איך האב באלד געוואוסט, אז „ער" וועט דארמען נים שוויי־גען... איך האב איהם אזוי פיעל געבעטען: וועלוועלע, האב איך גע׳טענה׳ט, דיין חיים׳עלס ווייבעלע געהט שווער צו קינד, מיה זיך דארטען פאר איהר. וואס דען, ער וועט זיך דארט נים מי־העז?

לילי׳ס מוטער האט זי אנגעקוקט ווי מיט שפאט: געהערט אזא מין יחוס — א מאן אויפ׳ן בית־עולם!... מיט וואס זי נעהמט זיך דאס איבער! איהר מאן זאל בעסער לעבען מיט איהר צוזאמען, און בכלל גלויבט זי נים, אז טויטע קענען עפעס העל־פען.

אבער פון דעסטוועגען, אז די אלמנה האט איהר געהען אויפ׳ן בית־עולם געגומען צו ערנסט און אלעמען געדולט א קאפ, אז נאר זי האט געראטעוועט די שנור, האט לילי׳ס מוטער פערדראסען. וואס יענע נעהמט זיך איבער און עס האט איהר באנג געטהאן וואס זי זעלבסט האט דא אויפ׳ן בית־עולם נים קיין גואל... איהרע עלטערען ליעגען ערגעץ אין יוראפ און איהר מאן זאל לעבען ביז הונדערט און צוואנציג יאהר...

אז לילי איז אַראָב פון קימפּעט האָט ערשט די אַלמנה זיך צו איהר צוגעשאַרט.

— איך, טאָכטערקע, און דערנאָכדעם מיין מאַן דאַרטען האָב דיך אָבגעבעטען...

לילי, וועלכע איז ווי דער שטייגער פון פיעל ראַדיקאַל־געשטימטע, נאָך דער חתונה געוואָרען אָבערגלויביש, האָט ווירקליך די זאַך גענומען ערנסט און האָט געקוקט אויף איהר, שוויגער ווי מען קוקט אויף אַ לעבענס רעטערין.

---

דאָס קינד איז געוועזן אַ שוואַכס און אַ ציטעריגס, עס פלעגט זעהר אָפט קראַנק ווערען און רעמאָלט איז די שוויגער געוועזן פערטאָראַראַמט:

וועה איז מיר, דאָס קינד האָט היץ, אָט לויף איך אַריבער אויפ׳ן בית־עולם, צו איהם דאַרטען.

האָט אָבער לילי׳ס מוטער ערפאַהרען פון אַ זעהר גוטער „שפּרעכערין" און ווי דאָס קינד פלעגט היץ בעקומען, פלעגט זי גלייך כאַפּען אַ טיכעל, אַוועקלויפען צו דער שפּרעכערין און אָבשפּרעכען אַן עין־הרע...

די יונגע מוטער האָט כלומרשט געלאַכט, אָבער אין האַר־צען איז זי צופריעדען געוועזן.

שפּעטער פלעגען זיך ביידע מוטערס בעגעגענען ביים קינד׳ס וויעגעלע.

— איך האָב איהר אָבגעשפּראָכען אַן עין־הרע! — מעל־דעט מיט גדלות לילי׳ס מוטער...

— ווייס איך וואָס, — איז מבטל די אַלמנה, — איך בין צוויי שעה אָבגעלעגען אויף זיין קבר...

— איך ווייס נאָך ניט וואָס האָט געהאָלפען — מיין עין הרע אָבשפּרעכען, צי אייער בעטען אויפ׳ן בית־עולם... — גיט לילי׳ס מוטער אַ שטאָך.

— איהר ווייסט ניט! — צינדעט זיך אָן די אַלמנה, —

אודאי האט מיין מאן דארטען מעהר „פול", ווי אייער שפרעכע־ריז, מסתמא א גוטע בלאפערקע... דא אין אמעריקא זיינען הפנים דא רעכטע שפרעכערקעס?...

צינדט זיך אן לילי'ס מוטער און רעדט שוין אויף א הויכען קול:

— מיר ווייסען נים ווער אייערער איז געוועזן...

אבער דא מישט זיך אריין דער ראדיקאל וואלפסאהן אליין און מאכט שלום:

— זיי זיינען ביידע גוט... אבי דאס קינד איז געזונד...

אבער די צוויי באבעס קוקען זיך אן איינע די אנדערע מיט שנאה און מען ווערט אויף א לעננערע צייט ברוגז...

# די געשטארבענע.

פערלמאן, אן אינטעליגענטער יונגערמאן, האט קוים דער־װארט, אז זיין איינציג קינד, א אינגעלע, זאל װערען אלט דריי יאהר און ער זאל קענען זאגען זיינע פעהיגקייטען. אין הויז ביי איהם האבען זיך געפונען אלערליי קלאסיקער, אבער אלס א רוסישער אינטעליגענט האט ער מעהר אכטונג אבגעגע־בען די רוסישע: פושקין, לערמאנטאװ און נעקראסאװ איז ביי איהם ניט אראב פון טיש. אז דאס דריי יעהריגע קינד, מישא, פלעגט זיי נעהמען בלעטערען, פלעגט פערלמאן האבען גרויס נחת, פונקט װי זיין טאטע האט אמאל פון איהם נחת געהאט, װען ער, נאך אלס קינד, האט געבלעטערט אויפ'ן טיש דעם סדור און נאכגעמאכט װי גרויסע אידען דאװנען: א נום־נום!...

פערלמאן האט אבער מיט'ן קינדס בלעטערען אליין זיך ניט בעגנוגענט. ער האט, ניט האבענדיג קיין געדולד ביז דאס קינד װעט עלטער װערען, שוין אנגעהויבען ערציהען איהם ליטעראר־ריש. האט איהם געװיזען אויף די ערשטע בלעטער די בילדער און מיט איהם נע'חזר'ט די נעמען פון די דיכטער:

— װער איז דאס?

— פושקין! — האט דאס קינד נאך ניט געקענט אויסרע־דען שארף.

— יא, מיין קינד, פושקין.

— און װער איז דער מיט דער סאבליע ביי'ן זייט?

— מיט דער סאבריע ביי'ן זייט איז דערמאנטאװ.

— לערמאנטאװ! — האט פערלמאן איהם פעררירכט.

— און דער מיט דעם בערדעלע?

— דאָס איז נעטראַסאָוו...

— ריכטיג, נעקראַסאָוו! — פּלעגט זיך פּערלמאַן ענטצי־קען און צורופען די יונגע מוטער, זאָל זי, הייסט עס, אויך נחת האָבען.

— הערסט, בערטאַ, ער קען זיי שוין אַלע...

און בערטאַ, אַ יונג חנ'עוודיגע מוטער, פּלעגט דאָס קינד נעהמען צו זיך, גלעטען עס און בעשיטען דאָס ראָזעווע פּנים'על מיט קושען און פּלעגט איהם בענשען:

— הלואי זאָלסטו מיר זיין אַ פּושקין!

אז דאָס קינד איז געוואָרען אַלט פיער יאָהר, האָט שוין פּערלמאַן מיט איהם איינגעלערענט צו עטליכע סטראָפען פון יעדען פון די דריי דיכטער. פּושקינ'ס האָט ער געקענט „פּטיטש־קאַ באָזשיא", לערמאָנטאָוו'ס — „בעליעיעט פּארוס" און פון נעקראַסאָוו — דאָס אמת'ע: „אָ, וואָלגא, וואָלגא"...

און ווי באַלד ער האָט געהאַט זייערע ווערטער אין מייל־כעל ביי איהם, האָט דער קליינער מישא דערפיהלט אַ נויטווענ־דינקייט צו וויסען ווער זיינען דאָס די דאָזיגע זונדערבארע לייט, וואָס רעדען עפּעס ניט ווי אַלע מענשען, נאָר צום גראם און אזוי ווי מיט אַ ניגון, און ער האָט איינמאָל, בעטראַכטענ־דיג זייערע בילדער, איינע נאָך די אנדערע, געווענדט זיך צום טאַטען, אויסשטעלענדיג זיינע אויגעלעך מיט אַ געבעט:

— טאַטע, וואו וואוינט פּושקין?...

— פּושקין, מיין קינד, איז שוין געשטאָרבען...

האָט זיך דאָס קינד שטאַרק דאָס הארץ דערפון ניט אָבגע־געסען און ווייטער געפרעגט:

— און וואו וואוינט לערמאָנטאָף?

— לערמאָנטאָף איז שוין אויך געשטאָרבען...

— לערמאָנטאָף אויך? — האָט זיך דאָס קינד שוין אַבי־סעל פערוואונדערט. אבער באַלד האָט ער זיך בערוהיגט און זיך נאָכגעפרעגט אויף נעקראַסאָוו'ן.

— און וואו וואוינט נעקראַסאָוו?

— נעקראַסאָוו, מיין קינד, איז שוין אויך געשטאָרבען...

דאָס קינד האָט געגעבען אַ פּאַטש מיט די הענטעלעך און אויסגערופען פערוואונדערט:

— אַלע געשטאָרבען!

און די זאַך איז איהם אַזוי געפעלען געוואָרען, אַז ער האָט זיך צולאַכט מיט אַ קלינגענדען געלעכטער.

דאָס האָט שוין דעם טאַטען בעליידיגט און ער האָט איהם גע'מוסר'ט:

— מען טאָר ניט לאַכען, מיין קינד, זיי זיינען געוועזען גרויסע מענשען...

— טאָ פאַר וואָס זשע זיינען זיי געשטאָרבען? — האָט דאָס קינד, שוין ערנסט ווערענדיג געפרעגט.

אָבער דערויף האָט דער געבילדעטער טאַטע קיין געניטען ענטפער איהם נישט געקענט געבען און ער האָט עפּעס אויסגעטראַכט אַ מאָדנעם תירוץ, אַבי דעם קינד צו פערענטפערען זיין נאַרישע קשיא...

אָבער זייט דאַן האָט שוין מישא קיינמאָל ניט נאָכגעפרעגט אויף אַ דיכטער. ער האָט שוין געוואוסט, אַז ווי באַלד אַז דער טאַטע ווייזט איהם אַ בילד פון אַזאַ סאָרט מאַן, איז ער געוויס אַ געשטאָרבענער.

און ווען דער טאַטע, זייענדיג אַביסעל נאַציאָנאַל געשטימט, האָט איהם איין אַ קורצער צייט אַרום געוויזען דאָס באַלד פון אַ בעקאַנטען אידישען דיכטער, האָט מישא איהם בעטראַכט און איז געוועזען זיכער, אַז ער איז שוין לאַנג, לאַנג געשטאָרבען.

אָבער מיט'ן דאָזיגען אידישען דיכטער איז פּערלמאַן געווען פּערזענליך בעקאַנט. ער האָט שוין אפילו געהאַט די זכיה צו באָרגען איהם עטליכע רובעל, ווען יענער איז געוועזען צופעליג פערענגט... דערפאַר האָט ער דעם דאָזיגען דיכטער איינגעלאַדען צו זיך אַהיים.

— איך וועל אייך בעקענען מיט מיין מישקא, א זעלטען קינד! ער וויים פון אייך. איך האב איהם געציינט אייער בילד...

דער דיכטער האט זיך דערפיהלט דערהויבען וואס ער איז פאפולער אפילו ביי קינדער און ער האט דערפאר די איינלאדונג אנגענומען.

ארייגקומענדיג צו פערלמאנ׳ען אין הויז, האט ער נאך דעם ווי ער איז פארגעשטעלט געווארען פאר דער יונגער מוטער, געפרעגט אויף זיין קליינעם פערעהרערל:

— וואו איז ער, מיין צוקינפטיגער לעזער?...

די מוטער האט זיך צולאכט און געענטפערט:

— ער לאזט אייך פון מויל ניט ארויס. אייער ליעדעל, וואס מיר האבען איהם אויסגעלערענט, איז איהם זעהר געפעלען.

דער דיכטער האט געשטראהלט פאר הנאה, וואס ער האט ערפאלג ביי דעם קליינעם מישא. ער האט געפונען פאר פאסיג צו מאכען א וויץ:

— ווייזט אויס, אז דער קליינער איז א מבין...

דערווייל האט דער פאטער פון צווייטען צימער געבראכט צו פיהרען מישא׳ן און זיך פאדבערייט פארצושטעלען:

— דו ווייסט, מישא, ווער דאס איז?

מישא האט געקוקט אויפ׳ן פרעמדען מיט פערוואונדערונג און שרעק און ניט געקענט ענטפערען.

— נו, ווער איז ער? — האט שוין די מוטער איהם געפרעגט...

דאס קינד האט זיך אנגעשטרענגט צו דערמאנען, וואו ער האט דעם האזינען מאדנעם מענשען ערגעץ געזעהן...

— נו, דערמאהן זיך, מיין קינד...

— וויין איהם דאס בילד... — האט די מוטער געראטהען.

פערלמאן האט ארויסגענומען פון ביכער־שאפקע דעם דיכ־

טער׳ס בוך, אויפגעמאכט און געוויזן זיין אינגעלע.

— נו...

דאס קינד האט זיך איינגעקוקט אין בילד, נאכדעם אויפ׳ן דיכטער אליין און איז אבגעשפרונגען מיט א געוויין.

— וואס איז, מיין קינד? — האט די מוטער זיך געלאזען צו איהם.

— איך האב מורא... — האט דאס קינד אויסגעכליפעט.

— פאר וועמען?

— פאר איהם! — האט דאס קינד, מורא האבענדיג אויפ־צוהויבען די אויגען, אנגעוויזען מיט׳ן הענטעלע אויפ׳ן דיכ־טער...

— נאריש אינגעל, וואס האסטו מורא, ער איז זעהר א גוטער מענש...

— יא... אבער ער איז דאך געשטארבען...

— ווער האט דאס דיר געזאגט?... — האבען די עלטערן געלאכט.

— אלע זיינען דאך געשטארבען, פושקין, לערמאנטאוו, נעקראסאוו...

— אבער ער לעבט נאך, מיין קינד — האט דער פאטער און די מוטער איהם בערוהיגט.

— יא, מישא, איך לעב נאך — האט דער דיכטער פון זיין זייט איהם פערזיכערט, אז ער לעבט...

דאס קינד אבער האט זיך געוואקעלט: זאל ער עס גלוי־בען?

און נאך אלע פערזיכערונגען, אז דאס איז א לעבעדיגער, האט ער אלץ געקוקט מיט שרעק אויפ׳ן דיכטער, ווי מען קוקט אויף איינעם, וואס קומט פון יענער וועלט.

דאס קינד האט געוואוסט נאר איינס: אויב עס איז א דיכ־טער, איז ער געשטארבען...

## „די עלעגיע".

..אין יענער צייט, מיינע קאלעגען, האבען מיר צוויי אונ־גליקען געטראפען. עס איז ביי מיר געשטארבען איינער פון מיינע נאהענטסטע און בעסטע פריינד. איך בין ארומגעגאנגען מיט א פערוויינט הארץ און האט ניט געקענט צו קיין זאך נעהמען זיך. מיין שטימונג איז געווארען געדריקטער פון טאג צו טאג. איך האב געהאט איין פאדערונג: וויינען און שרייבען עלע־גיען... איז אבער דאס צווייטע אונגליק וואס מיר האט אין דער זעלבער צייט פאסירט געווען א צוגאב צום ערשטען. איך האב גראד אין דער זעלבער צייט פערלארען מיין שטעלע אין דער צייטונג, וואו איך בין געווען א פאר יאהר א מיטארבייטער און מיט דעם געהאלט זיך ווי עס איז דורכגעלעבט צוזאמען מיט מיין קליינער פאמיליע. די צייטונג איז געווען א שטרענג ערנסטע און ווען איך פערליר ניט מיין שטעל וואלט איך די אלע עלעגיען, וואס איך האב אין דער זעלבער צייט וועגען מיין פריינד געשריבען, געקענט דארט פערעפענטליכען און יוצא זיין אנשטאט אנדערע ארטיקלען: דער טויט איז פאר יענער צייטונג געווען פון די פאסענדסטע טעמען: איהר רעדאקטאר און דאס רוב איהרע מיטארבייטער זיינען געווען זקנים און דאס טעמע פון טויט האבען זיי זעהר גרינג פערשטאנען און זאגאר אבגע־שעצט...

אבער ווי באלד איך האב דארט די שטעל פערלארען האב איך די עלעגיען געהאלטען ביי זיך אין טאש. מיין לאגע סיי גייסטיג און סיי מאטעריעל איז געווארען פון טאג צו טאג שווע־רער און שווערער, ווייל „עטגלאסען" פון דער „טויטער" ציי־

טונג בין איך געוואָרען פּלוצים, אַנהויב וואָך, און די אדמיניס־
טראַציע, וועלכע איז אויך געווען האַלב טויט, האָט אפילו ניט
געהאַלטען פאַר איהר חוב צו בעפרידיגען מיך פאַר א צוויי
וואָכען געהאַלט, ווי עס טוען מאַנכע פּרינציפּאַלען מיט זייערע
אַנגעשטעלטע אין אַנדערע, ניט ליטעראַרישע, בראַנזשעס...

אַבער אויב דאָס ערשטע אונגליק — דער טויט פון מיין
פריינד איז געווען א פּערפּאַלענע זאַך, און מיינע טרערען און
עלעגיען האָבען איהם שוין ניט געקענט לעבעדיג מאַכען, איז
אַבער דערפאַר דאָס צווייטע אומגליק: דאָס פערלירען פון מיין
שטעלע געלינדערט געוואָרען אין א וואָך ארום. איך האָב גענומען
אין א וואָך שפּעטער בעקומען א נייע שטעלע אין אן אַנדער
צייטונג. אַבער צום אונגליק איז די נייע צייטונג געווען א לוי־
טער הומאָריסטישע. א חוש פאַר הומאָר האָב איך אפילו שטענ־
דיג געהאַט, אַבער אין דער דאָזיגער צייט, ווען דאָס געזיכט
פון מיין זעליגען פריינד האָט מיר געשוועבט נאָך־א־נאַנד פאַר
די אויגען און מיך בעגלייט פון גאַס ביז'ן בעט, פון בעט ביז'ן
גאַס — אין דער דאָזיגער צייט, מיט א האַרץ געפּאַקט מיט
שטימונגען, פּאַסענדע בלויז פאַר'ן טויט, האָב איך בשום אופן
ניט געקאָנט אַנשרייבען קיין שום הומאָריסטישע צייל... עס איז
ניט געגאַנגען. עס האָט די פעדער בשום אופן ניט געקענט
ארויספיהרען קיין איין וויציגע פראַזע אויפ'ן פּאַפּיער...

און דאָ שיקט מען מיר שילוחים פון דער הומאָריסטישער
רעדאַקציע: שנעלער א וויציגען ארטיקעל איבער'ן דורכפאַל פון
דעם קאָנגרעסמען...

מיין בעסטער יונגער פריינד ליעגט און פוילט אין דר'ערד
און דאָ געה וויצעל זיך איבער'ן פאַל פון עפּיס א דעפּוטאַטעל !...
די גאַנצע מעשה ריהרט מיך אפילו ניט אַז דאָס אויבערשטע
פון הויט, בפרט דאָס אינערליכסטע פון האַרץ.

אַבער וואָס טהוט מען ניט צוליעב שפּייזען א פאַמיליע. איך
פּרוב מיך: איינמאָל — עס געהט ניט, צוויי מאָל — עס געהט

ניט! — דאס הארץ איז פארוויינט און דער קאפ איז פול מיט געדאנקען וועגען טויט. אך, דעם טויט, וואלט איך אזוי שעהן נעקענט איצט בעזינגען, בעשרייבען, בעוויינען, בעפוצען מיט די שעהנסטע ווערטער און פראזען!

אבער ווילצלען זיך איבער עפעס א נארישען רעפוטאט, וואס איז דורכגעפאלען ווער ווייס צוליעב וועלכען אונבעדייטענדען צופאל — ווי שווער!

ניין, איך קען ניט שרייבען...

שרייבען, שרייב איך יא — אבער א נייע עלעגיע אויף מיין זעליגען פריינד... יעדעס ווארט איז טרערען און בלוט!...

מען שיקט א צווייטען שליח:

— שנעלער די הומארעסקע!... דער רעדאקטאר איז אויסער זיך...

— באלד, באלד!... פערזיכער איך...

דער שליח געהט אוועק... איך פרוב מיך ווידער עפעס צו ווייצלען וועגען אונגליקליכען רעפוטאט — עס געהט ניט. איך שרייב אנשטאט דעם אן א נייע עלעגיע אויף מיין געליעבטען זעליגען פריינד...

ענדליך איז דער רעדאקטאר אליין געקומען:

— גזלן! איהר קוילעט דאך מיר אהן א מעסער! האט ער געדונערט.

איך האב מיך שטארק דערשראקען, בין צוטומעלט געווארען און האב פאר פערווירונג אויסגערופען:

— איך האב שוין פערטיג!

— טא גיעט אהער! איז דער רעדאקטאר נאך אלץ פון כעס ניט אבגעגאנגען...

איך האב צוטומעלטערהייט ארויסגענומען פון קעשענע אן „עלעגיע“ אויף דעם טויט פון מיין פריינד און האב גענומען פארלעזען:

„דיינע אויגען, וואס האבען מיט פייער געשאסען, זיינען שוין אויסגעלאשען“...

דער רעדאקטאר האט אויסגעשאסען מיט א געלעכטער און האט גלייך בעמערקט:

— גראסארטיג... ווייטער...

— דיינע לאקען, וואס זיינען ווי גאלד־לאקיג געווען און האבען געפינקעלט אויף דיין שעהנעם קאפ...

— חא־חא־חא! — אונאיבערטרעפליך! איז דער רעדאקטאר אין גרעסערע התפעלות אריין!

„און דיין הארץ וואס האט געשלאגען מיט ליעבע פאר דיין פאלק איז אייז־קאלט געווארען“...

דער רעדאקטאר האט זיך שוין מעהר נים געקענט איינהאלטען און האט קלאפענדיג מיר אין די פלייצעס און קאטשענדיג זיך פאר געלעכטער, גערעדט:

— אי, איהר קענט דאך זעהר וואויל! איהר מאכט דאך פון איהם גוט חוזק — אט דאס האב איך געמיינט... מען דערקענט איהם דא ווי אן אבגעשונדענעם...

און אבלעזענדיג איהם די עלעגיע איז דער רעדאקטאר געוועל פון ענטציקונג און בעגייסטערונג:

— א אזעגלונגענע הומארעסקע האב איך שוין לאנג נים געהאט אין מיין וויץ־בלאט! — האט ער מיר געדריקט די האנד...

אז דער רעדאקטאר איז א גליקליכער מיט מיין עלעגיע ארויס, בין איך געבליבען זיצען ווי פערשטיינערט. איך בין געווען זיכער, אז ער האט פון מיר חוזק געמאכט. אבער שטעלט זיך פאר, אז די דאזיגע עלעגיע איז אבגעדרוקט געווארען אין דער צייטונג האבען די זעלבינע און נאך גרעסערע התפעלות ארויסגעוויזען די לעזער. מענשען גאנץ אונבעקאנטע האבען מיר געדריקט די הענד:

— אזא הומאָרעסקע האָבען מיר שוין לאנג ניט געלייענט...
דער דעפּוטאַט „לעבט“ אין איהר מיט זיין יעדעביינדעל...

אַט אזוי האָב איך מיט אַן עלעגיע אויף אַ געשטאָרבענעם פריינד מיר קונה שם געווען אלס דער בעסטער הומאָריסט און סאַטיריקער און בין געוואָרען געקרוינט אין דער דאָזיגער צייטונג אלס דער „סטאר“ פון הומאָר...

## נויטיגע ווערטער.

אין עטליכע טעג ארום, אז ביינוש האט זיך שוין אויסגע־רוהט ביי זיין שוואגער, וועלכער האט איהם אראבגענומען פון שיף און איז געקומען צו זיך, איז ער געוואָרען אביסעל שטיי־פער, ער האט דערזעהן, אז דא אין אמעריקא זיינען זיי אויך מענשען, האבען רחמנות, האלטען פון קרובה׳שאפט, און בכלל איז אומעטום איין וועלט! אפילו די קארטאָפעל, וואס די שווע־גערין האט לכבוד איהם שוין א פאר מאל געקאָכט, זיינען אויך די זעלבע ווי אין דער היים. אז ער האט וועגען דעם אויסגע־דריקט זיין פערוואונדערונג, האט איהם דער שוואגער, וועלכער האט שוין געוואוסט די געשיכטע פון אמעריקא, ערקלערט:

— נאר איינער, קארטאפעל שטאמט דאך פון אמעריקא, אין אמעריקא האט מען עס ענטדעקט.

דאן האט ביינוש, וועלענדיג ווייזען, אז ער וויים אויך עפעס פון זאכען, איבערגעפרעגט:

— טאקע דער איינענער קאלאמבוס?

איינס נאר איז ביינוש׳ען געווען פריקרע: די שפראך.

— אזא מין שפראך האב איך קיינמאל ניט געהערט, — האט ער זיך געקלאגט אויף ענגליש. איך האב שוין געהערט מאלאראסיש און פויליש און ליטוויש און אפילו ציגיינע־ריש און טאטעריש, נאר אזא ווילד לשון, ווי ביי אייך, איז מיר קיינמאל ניט אויסגעקומען צו הערען.

וועגען אויסלערנען זיך דאס דאזיגע ווילדע לשון האט ער גארניט גע׳חלום׳ט.

— דאס איז ניט פאר מיינע יאהרען און נישט פאר מיין קאפ!

נישט מעהר, אז די 16־יעהריגע בעסי, די פלימעניצע זיינע, וואס איז שוין צוויי יאהר אין לאנד, געהט שוין אין סקוהל און רעדט ענגליש, באלד בעסער ווי אידיש, אז זי זאל זיין א גוט מיידעל און איהם אויסלערנען די נויטיגע ווערטער, וואס א מענש מוז האבען, וואלט ער איהר פיין בעדאנקט.

בעסי איז שוין א האלבע אמעריקאנערין, און ווען ניט דאס פיקאנטע ביכעל „בדיעף‟, וואס דרוקט זיך אלע טאג אין „פארווערטס‟ און וואס זי לעזט עס יעדען טאג, וואלט זי שוין אינגאנצען אן אמעריקאנערין געווארען, — בעסי איז א לעבעדיגע מיידעל, פון פעטער דעם „גרינהארן‟ חוזק'ט זי אפילו אב אונטער די אויגען, דאך אין הארצען האט זי איהם ליעב, זי געדענקט נאך איהם פון איירא׳פא, ווען ער פלעגט מיט זיין זוויב, דער מוהמען, קומען צו זיי אלע שבת אויף טהיי און עס פלעגט זיין אזוי פרעהליך. זיין בקשה זאגט זי איהם ניט אב. זי וויים נאר ניט וועלכע ווערטער זיינען פאר איהם נויטיג:

— לאוו איז ליעב האבען! — פאנגט זי אן די ערשטע לעקציע.

— אזוינע ווערטער ברויך איך ניט, — לאכט בינוש פון זיין נארישער פלימעניצע, — דו פערטייטש מיר ווערטער, וואס קומען צוניץ, פערשטעהסט? אט, למשל, ווי הייסט אויף ענגליש בולבע?

— פאטייטאס!

— פאטייטעס, פאטייטעס! — חזר'ט בינוש און מאכט א מינע פון א חדר־אינגעל.

— אפשר ווילט איהר וויסען אויף ענגליש — הי וון — סאן! — שפרינגט בעסי ארוים מיט א נייעם ווארט.

— אזא ווארט קאן שוין ניט שאדען, חאטש דארפען דארף איך נויטיגערע ווערטער: למשל, ווי הייסט אויף ענגליש שווארצער ברויט?

— בלעק־ברעד!

— בלעק־ברעד! בלעק־ברעד! — חזר'ט בינוש.

— איצטער, בעסינקע, — בעט זיך בינוש, — זאָג מיר, ווי הייסט אויף אייער לשון א ווייב.

— א ווייף.

— אזא גרינג וואָרט, פונקט במעט ווי אידיש. א שווערע זאַך און א גרינג וואָרט, מאַכט ער שוין א וויצעל. אין דער־היים איז בינוש געווען א שטאַרקער וויצען־זאָגער און עס טהוט איהם הנאה, וואָס דאָ אין דער פרעמדער האָט זיך איהם ווירער עס איינגעגעבען.

די שוועגערין, וואָס איז אבער דערביי געווען, האָט מיט א בייזען שמייכעל איהם געשטערט זיין צופרידענהייט:

— דאָ, בינוש, טאָר מען אויף א ווייב קיין קרום וואָרט ניט זאָגען.

בינוש'ן איז שוין דער וויץ ניט איינגעגאַנגען, און ער האָט זיך פאַרגענומען, ביז ער וועט ניט קלאָר ווערען אין אַמעריקאַנער מנהגים, זאָל ער קיין וויצען ניט מאַכען.

די לעקציע איז איבערגעריסען געוואָרען, אבער מיט די פאָר ווערטער איז ער געווען צופרידען. אין אבענד האָט ער געשריבען אהיים א קאַרטעל, וואו ער האָט מודיע געווען, אַז ער לערנט זיך ביי זיין פלימעניצע ענגליש רעדען און ער קען שוין במעט אלע נויטיגע ווערטער...

# זיי האבען מורא.

עס איז געווען ארום עלף פאר מיטאג.

אין שאפ איז די ארבייט אנגעגאנגען אין איהר פולען גאנג. די פארליידי, א הויכע שלאנקע איטאליענערין מיט א נערוועזען אויסדרוק אין די שווארצע קלוגע אויגען, האט ארויסגעגעבען א בעפעהל אויף א העפליכען אבער שטרענגען אופן. דער צושניידער, א מאן אין די מיטעלע יאהרען, איז ווי אימער געשטאנען איינגעבויגען איבער א שטיק מאטעריע און עס געשניטען אויף פערשיעדענע טהיילען. דער דיזיינער האט פערטיעפט עפעס געצייכענט און אלע ווייל ארויסגעשטעקט די צונג, ווי ער וואלט וועלען כאפען דעם אמת'ן סטייל, וואס זאל מאכען דעם געהעריגען „היט"... די פיער און צוואנציג ארבייטער מיידלעך זיינען געשטאנען ביי פיגורען מיט פולע מיילער מיט שפילקעס און האבען בעהעפט די צושניטענע חלקים פון די סחורות און זיך זעלטען אבגעקעהרט פון דער ארבייט, סיידען ווען דרויסען, אויף דער רוישענדיגער סטריט, האט אן אויטאמאביל א צו שטארקען שאס געטהאן מיט דעם בענזין.

אין דער דאזיגער צייט איז אריין אין שאפ א יונגע שלאנקע מיידעל מיט בלאהע אויגען און מיט גאלדענע האר, וועלכע האבען אביסעל פרעך, אביסעל חנ'עוודיג ארויסגעקוקט פון אונטער'ן שעהנעם סטיילישען העט. זי איז צוגעגאנגען צו דער פארליידי און געזאגט:

— איך האב געלעזען אין פייפער, אז איהר דארפט אן ארבייטערין.

די פּאַרליידי האָט זי אָנגעקוקט מיט אויספאַרשענדיגע בליקען און ניט בלייבענדיג צופריעדען מיט דעם צו פרעכען אָנ־צוג און אויסזעהן פון דער אריינקומענדער מיידעל, האָט זי גע־ענטפערט:

— מען דאַרף יאָ. אבער...

און האָט ווידער זי אָנגעקוקט.

די אריינקומענדע האָט א שמייכעל געטהאָן און געוואַרט אויף אַן ערקלעהרונג...

די פּאַרליידי האָט זי ווידער בעטראַכט און זיך אָנגערו־פען:

— וואָרום אזוי שפּעט... ארבייט זוכען קומט מען אין דער פריה, איידער די ארבייט הויבט זיך אָן.

— איך האָב מיך פערשלאָפען — האָט דאָס מיידעל נאָך פרייער געשמייכעלט און אָנגעקוקט דרייסט די פּאַרליידי און ווי מיט א בעהאַלטענער פעראַכטונג אין בליק....

— פערשלאָפען !... הם... האָט די פּאַרליידי צוריק גע־שמייכעלט, אבער מיט בייזקייט און פאַרוואורף — וואָס זייט איהר, א פרינצעסין ? אַן ארבייטער־מיידעל טאָר ניט פערשלאָ־פען... איבעריגענס, גערהט אריין אין אָפּים צום באָס...

— שוין געווען... האָט דאָס מיידעל געענטפערט און וויע־דער געשמייכעלט.

— וואָס האָט ער געזאָגט ? — האָט די פּאַרליידי זי אָנ־געקוקט נאָך שטרענגער.

— ער האָט געהייסען מיר געבען ארבייט...

די פּאַרליידי האָט א דריק געטהאָן מיט די אַקסלען און אָהן ווערטער אָנגעוויעזען דער נייער ארביימערין א פּלאַץ צו ארבייטען...

די איבעריגע ארבייטערינס האָבען אויף א ווײלע אויפגע־הערט צו ארבייטען און אָנגעקוקט מיט נייגעריגקייט די נייע אָנגעקומענע. די שעהנע, בלאַסע ראָזע האָט איהר געוואָלט זאָ־

גען, אז זי זאָל מאַכען איהר פּלאַץ לעבען איהר. אבער צוליעב דעם פּולען מויל מיט די שפּילקעס, וואָס זי האָט געהאַט, האָט זי בלויז מיט די אויגען איהר געוואונקען.

די נייע אָנגעקומענע האָט דעם וואונק פערשטאַנען און זי האָט נאָכדעם ווי זי האָט אויסגעטהאָן און אויפגעהאַנגען איהר מאַנטעל און העט, זיך אוועקגעשטעלט נעבען ראָזע'ן...

די שטונדע ביז „לאָנטש" איז אריבער. דער שאַפּ־זייגער האָט אויסגעקלונגען 12.

די מיידלעך האָבען אלע ווי איינע אוועקגעלעגט די ארבייט און זיך געלאָזט צום ארויסגאַנג.

ראָזע איז געבליעבען מיט דער נייער.

— איהר געהט ניט עסען קיין לאָנטש? — האָט די נייע איהר גוטמוטהיג געפרעגט.

— איך האָב מיטגענומען פון צוהויז — האָט ראָזע גע־ענטפערט.

— קומט ארויס! — האָט די נייע זי איינגעלאַדען — איהר האָט דען אזוי ליעב דעם שאַפּ, אז איהר מוזט אויך דאָ עסען? קומט מיט מיר, איך וועל אייך טריטען...

—איהר מיר? — האָט זיך ראָזע ווי פערוואונדערט און דערשראָקען צוזאַמען. — וואָס זייט איהר אזא גביר'טע...

— א גביר'טע... — האָט זיך דאָס מיידעל צולאַכט — צי וואָס א גביר'טע... איך האָב ביי זיך געלד וויפיעל איך ברויך...

— טאָ וואָס זשע געהט איהר ארבייטען?... — האָט ראָזע נאָך מעהר פערוואונדערט געפרעגט...

— ס'איז מיר אומעטיג צו בלייבען א טאָג אליין...

— אומעטיג? — האָט ראָזע שוין ארויסגעהענדיג מיט דער מיידעל געפרעגט.

— יא, אומעטיג... איך האָב מורא אליין צו בלייבען...

און איהר געזיכט האָט אָנגענומען א שרעקענדיגען אויס־דרוק.

אָבער באַלד האָט זי זיך פערכאַפּט און געזאָגט:
— איך מאַך פון אייך „פּאַן“... ס׳איז מיר ניט אומעטיג און איך האָב ניט קיין מורא... איך האָב ליעב צו אַרבייטען... יעדער מענש דאַרף אַרבייטען, ווי מיינט איהר?... ווי רופט מען אייך? — האָט זי פּלוצלונג געענדערט איהר טאָן.
— ראָזע — האָט די בלאַסע אַרבייטערין געענטפערט.
— און מיין נאָמען איז „בייב“...
— בייב! — האָט ראָזא זיך פערוואונדערט.
— יא, אַזוי רופען זיי מיך.
—ווער?
— מיינע פריינד... אויך מיינע שוועסטער און ברידער...
— בייב! — האָט ראָזע געלאַכט — אַ קינדערשער נאָמען...
— אַ קינדערשער — האָב בייב צוריק געלאַכט — געווים, איך בין דאָך נאָך גאָר אַ קינד... איך ווייס נאָך גאָרנישט... גאָרנישט...
אַריינקומענדיג אין פול־געפּאַקטען „לאַנטש רום“ האָט ראָזע מיט בייב׳ן זיך קוים דערשלאָגען צו אַ פּלאַץ. די קעלנערין איז צו זיי צוגעגאַנגען און געפרעגט, וואָס זיי פערלאַנגען. ראָזא האָט בעשטעלט אַ סענדוויטש מיט קאַפּע.
— נאַ־נאַ! — האָט זיך בייבי אַנגעבייזערט — נעהם אַ בעסערע זאַך... איך טריט דיר... איך גלייך דיר... נעהם אַ בעסערע זאַך...
די קעלנערין האָט געשמייכעלט און פערשטעהענדיג, אַז זי וועט דאַ כאַפּען אַ „טיפּ“ האָט זי געגוי אויסגעפּאַרשט וואָס צו ברייגנען.
ראָזע האָט זיך ביים עסען געיאָגט און אַלץ צוגעטריעבען בייב׳ען.
— שוין באַלד אַריבער די האַלבע שעה! גיכער.
אָבער בייב האָט געשמייכעלט.

— האָב נים קיין מורא... נימאָ זיך וואָס צו יאָגען... מיר וועלען נאָך נעהמען א ווײַלע א וואָק...

— אָה, ניין, דער באָס וועט מיך אָבזאָגען... ער האָט נים ליעב, אז מען פערשפּעטיגט.

— און איך האָב פאר איהם קיין מורא נים! — האָט בייב געשמייכעלט — ערשטענס קען איך אויסקומען אָהן זיין שאָפּ...

— און צווייטענס — האָט בייב געשטאַמעלט און זיך אָבגעהאקט.

ראָזע האָט זיך פעראינטערעסירט און געפרעגט:

— און וואָס „צווייטענס?"

— צווייטענס איז גאָר נישט... איך האָב א שפּאָס געמאכט... ענטשולדיג מיר, איך האָב אמאָל ליעב א שפּאָס צו מאכען...

— איהר זייט א פרעהליכע — האָט ראָזע איהר אָנגעקוקט און איהר מקנא געווען.

—א פרעהליכע? געווים — האָט בייב בעשטעטיגט — און אמאָל ווערט מיר מאָדנע אומעטיג... איך קריעג מורא פאר אלץ... אפילו פאר זאכען, אין מיטען טאָג, און דערפאר געה איך אין שאָפּ... איך האָב ליעב די מיידלאך וואָס ארבייטען... איך האָב אויף זיי רחמנות... קום, ראָזע, נעהמען א וואָק, איך וויל מיט דיר ריידען... איך האָב דיר עפּעס ליעב געקראָגען... דו ביזט אזוי בלאָס... פארוואָס פארבסטו זיך נים... ווילסט אבי־סעלע גוטען פיינט... איך וועל דיר געבען. איך האָב...

ראָזע האָט איהר נעדאנקט:

— צו וואָס זאָל איך מיך פארבען? פאר׳ן באָס?

— פארוואָס נים פאר׳ן באָס?... — האָט בייב געלאכט— מיינסט, אז דער באָס האָט נים ליעב קיין שעהנע מיידלאך?...

עס זיינען פאַראיבער א צוויי־דריי טעג. די מיידלאך האָבען געארבייט ווי שטענדיג. דאָך האָט זיך געפיהלט, אז אין

שאפ איז עפעס פרייער געווארען, די ארבייט לייכטער און די דיסציפלין איז געבראכען. אלע האבען עס געוואוסט, געפיהלט און ניט פערשטאנען. און אפשר איז די אורזאכע בייבס אנגע־קומען?

ווער איז די דאזינע בייב, די שלאנקע, בלאנדע מיידעל מיט די בלאהע אויגען, וואס קוקען דא אזוי מילד, לאגאדנע, ווי א קינד, וואס האט אויף עפעס חרטה, און דא אזוי פרעך און מוטהיג מיט א סוד אויף די ליפען. וואס, ווען זי זאל איהם ארויסזאגען הויך קען ער אנמאכען א גאנצען גערודער אין שאפ.

אין שאפ האט מען קיינמאל ניט געטארט רעדען און בייב זינגט... זי זינגט „עוורי באדי דואינג איט" און מאכט צו מיט די הענד, ווי זי וואלט זיך געפונען אויף א וואדעוויל סטיידזש. און אט הערט זי אויף גאר צו ארבייטען, זעצט זיך אוועק, פער־ווארפט דעם קאפ איבער'ן שטול, פערוווארפט א פוס אויף א פוס און פערטראכט זיך...

— בייב, דא איז א שאפ! — לויפט צו איהר צו די פאר־ליידי...

— אך, פארדען מי... — כאפט זיך בייב אויף — איך האב מיך פערגעסען...

— טא פערגעס זיך ניט... איך וועל זאגען דעם באס און ער וועט דיר געבען די סעק...

— די סעק!... אלל־רייט! איך קען מיך בעגעהן...

די מיידלעך האבען זי אנגעקוקט און מקנא געווען, די בלא־סע ראזע האט מיט א פולען מויל שפילקעס קוים זיך איינגע־האלטען פון צו שמייכלען. נאר אינערליך האט זי אנגעקוואלען פון בייב'ען...

— א פרייע נשמה! — האט זי געטראכט.

---

עס זיינען אוועק נאך עטליכע טעג. בייב איז שוין א פאר

מאָל געקומען צעהן אזייגער, אנשטאָט אכט... די פּאַרליידי איז געלאָפען צום באָס אין אָפיס.

— מען מוז זי דאָך ארויסטרייבען! — האָט זי גע־שריען.

דער באָס איז עטוואס בלאָס געוואָרען און ווי געבעטען זיך:

— זאָל זי נאָך בלייבען, עס פעהלען ארבייטער...

און בייב איז געבליעבען און וויעדער געהאנדעלט אין שאָפ, אזוי ווי עס איז איהר געפעלען.

ענדליך איז די פאַרליידי פון געדולד ארוים:

— אָדער זי זאָל אוועקגעהן אָדער איך!...

דער באָס איז מיט ניט זיכערע טריט אריין אין שאָפ...

— וואָס איז מיט דיר, יאַנג ליידי? — האָט ער זי גע־פרעגט, ניט אריינקוקענדיג איהר אין די אויגען.

— וואָס מיינט איהר? — האָט בייב זיך אָנגעצונדען.

— איך מיין... די פּאַרליידי, זי קלאָגט זיך... איך בעט צו זיין אנשטענדיג... דאָ איז א שאָפ... אין א שאָפ מוז מען זיין אנשטענדיג...

און ער איז ארוים.

די מיידלעך זיינען געבליבען פערוואונדערט. זיי האָבען גאָר ניט געוואוסט ביז אהער, אז זיי האָבען אזא גוטען באָס.ווירקליך, א פיינער מענש... ער זאָגט איהר ניט אָפּ... א באָס קען, הייסט עס, אויך אמאָל זיין א פיינער מאַן... עס איז גאַנץ שעהן פון זיין זייט...

און אין שאָפ איז די דיסציפּלין נאָך מעהר געבראָכען גע־וואָרען.

בלויז די בלאַסע ראָזע, וועלכע האָט שוין א דאנק בייב'ס מתנה, געהאט ראָזעווע בעקלאָך, האָט זיך עפּעס אנגעשטויסען...

— בייב — האָט זי ביים לאַנטש איהר שטיל געפּרענט— בייב, פאַרוואָס איז דער באָס צו דיר אַזוי גוט?...

— ער האָט מורא... — האָט בייב אַ שמייכעל געטהאָן...

— מורא?... פאַרוואָס? — האָט ראָזא זיך פערוואונ־דערט...

— ביזט אַ נאַרעלע... האסט ניט פערשטאַנען? ביזט נאָך אַזא קינד... אָך, ווי די פאַרב פּאַסט דיר... ער האָט מורא. ווייל ער האָט געהאט מיט מיר אַ „גוט־טיים" אמאָל... ער האָט מיך דערקענט... האָט ער מורא... פערשטעהסט?... מיר האָבען ביי־בע מורא... איך צו בלייבען אליין בייטאָג און ער — איך זאָל ניט אויסזאָגען... ער איז אַ נאַר, ראָזע, אַ גרויסער נאַר... איך בין טאַקי אַ זינדיגע, אבער איך האָב נאָך גענוג יושר... איך וועל ניט אויסזאָגען, אפילו אז ער וועט מיר הייסען געהן... איך קען מאכען אַ לעבען אָהן שאָפּ... די גאַנצע זאַך, וואָס איך האָב מורא צו בלייבען בייטאָג אליין...

ראָזא האָט זי אָנגעקוקט און האָט אויך מורא געקראָגען...

# די טובה.

עס איז געווען א מילדער הערבסט טאָג, די זונן האָט שוין געהאַלטען ביי'ן פאַרגעהן און האָט געוועקט אין די הערצער באַנגע און זינגענדיגע געפיהלען. אהרן אפרת, א מאַן פון א יאָהר דרייסיג, האָט נאָר וואָס געענדיגט זיין אַרבייט אין אָפיס און האָט זיך געפיהלט זעהר אַנגענעהם, וואָס ער האָט נאָך אַזוי פיעל פרייע שטונדען ביז שלאָפען געהן. איהם האָט זיך געוואָלט זעהן פריינד, בעקאַנטע און סתם מענשען. ער איז אַריין אין דעם היימישען רעסטאָראַן, אָבער דאָרט איז גראָדע געווען האַלב לעער און די ביסעל מענשען וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען, זיינען געווען ווילד פרעמדע. ער האָט אויף גיך אָבגעגעסען א לייכטען סאַפער און איז ווידער אַרויס אויף דער פרייער וועלט...

ער האָט געמאַכט א הונדערט טריט אָהן א ציעל און איז געבליעבען שטעהן ביי א קאָרנער. ניט וויסענדיג וואוהין צו געהן און וואָס פאַרצונעהמען. ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז ער האָט ניט קיין סיגאַרעטען און ער איז צוגעגאַנגען צום דערביי־איגען סטענד. די פאַרקויפערין וואָס איז געזעסען איננווייניג איז צום גליק געווען א שעהן יונג מיידעל. ער האָט איהר אָב־זיכטליך געגעבען א פינף דאָלאַר ביל, כדי ער זאָל ניט דאַר־פען גלייך אוועקגעהן און געבעטען רעשט.

— עס איז א גוטער, א גוטער! — האָט ער געשמייי־כעלט, זעהענדיג, ווי דאָס מיידעל בעטראַכט צו פיעל דעם ביל.

— יאָ, איך וויים... האָט זי צוריק געשמייכעלט. און האָט איהם אַרויסגעגעבען רעשט.

ער האָט געוואָלט פערבינדען א געשפּרעך. האָט זיך ניט געקלעפּט, האָט ער געבעטען א גלאָז סאָדע וואַסער. דאן האָט ער ארויסגעקריגען פון מיידעל נאך איין פראגע:

— פאר דריי סענט?...

— פאר דריי... האָט ער געענטפערט.

ער האָט אָבגעטרונקען אביסעל פון גלאָז, אוועקגעשטעלט און ווידער געפּרופט פערבינדען א געשפּרעך:

— פון וואָס פאר א לאנד זייט איהר?

— געבוירען דאָ...

— אך. דאָ געבוירען! זעהר שעהן! האָט זיך אפרת ענט־ציקט, ניט וויסענדיג אליין פאר וואָס. ער האָט געוואָלט נאך עפּעס רעדען, אבער עס איז ניט געוועזען וועגען וואָס. ער האָט געוואָרפען א בליק אויף די פּייפּערס וואָס זיינען געווען אויס־געלעגט ביי די ביידע זייטען פון סטענד און האָט געזוכט צווישען זיי דאָס וואָס ער דאַרף.

די אלע פּייפּערס זיינען איהם געווען אונאינטערעסאנט. אָבער ער האָט דאך איינס געקויפט און זיך געזעגענט מיט דער מיידעל.

אוועקגעהענדיג אויף עטליכע טריט ווייטער איז איהם די צייטונג געוואָרען שווער, ער האָט זי אראָבגעלאָזט אויף דר'ערד...

— העי, מיסטער! — האָט איהם נאָכגעיאָגט אן עלטערע אידענע — איהר האָט פארלוירען אייער פּייפּער.

— איך דאנק אייך זעהר! זעהר פריינדליך פון אייער זייט.

ער האָט זיך איינגעבויגען, אויפגעהויבען די צייטונג און זיך געלאָזט ווייטער געהן.

— מאָדנע אומעטיג! — האָט ער צו זיך אליין א מור־מעל געטהאָן און אָבשטעלענדיג זיך ביי אן אנדער קאָרנער וואו עס איז דורכגעפאָהרען א קאר, האָט ער וואונק געטהאָן צום קאָנ־

דוקטאָר. די קאר האָט זיך אָבגעשטעלט. ער איז אריין אינע־ווענינג. די קאר איז געווען ענג געפּאקט און דאָס האָט איהם הנאה געטהאָן. ער האָט זיך געוואָלט פּערמישען מיט א סך מענשען, אפשר וועט עס זיין א סגולה צו דער לאנגווייליגקייט.

ביי א צווייטען מאָל אבשטעלען זיך האָט זיך די קאר א טרייסעל געטהאָן, אפרת, וועלכער איז געשטאַנען אין דער מיט ניט אָנהאַלטענדיג זיך אָן עפּעס, איז ארויפגעפאלען אויפ׳ן שויס פון א יונגער ליידי. ער האָט זיך דערשראָקען, געוואָרט אויף א שטיקעל סקאנדאל, אבער די ליידי האָט פריינדליך געשמייכעלט און האָט עס אָנגענומען פאר א וויץ...

— א גאנץ פיינע פרוי! — האָט ער א טראכט געטהאָן און האָט זיך דערפיהלט ווי דערוואָרעמט.

די קאר איז אריינגעפאָהרען אין א רייכער רווישענדער סטריט. עס איז שוין געווען אבענד. די עלעקטרישע לאָמפּען און אנדערע בעלייכטונגען זיינען שוין געווען אין פולען גלאנץ. פייערען האָבען געטאַנצט פון די פענסטער, דעכער און אפילו פון איבער די דעכער. אפרת האָט בעשלאָסען דאָ אויף דער סטריט אראָבצוגעהן.

ער האָט אָנגעדריקט דאָס „קנעפּעל“, עס האָט א קלונג געטהאָן און די קאר האָט זיך אָבגעשטעלט ספּעציעל פאר אפרת׳ן...

ער איז אראָב מיט א מינע פון איינעם, וואָס האָט אין דער דאָזיגער סטריט זעהר וויכטיגעס צו טהאָן. ער האָט געמאכט עטליכע שריט און איז פערמישט געוואָרען צווישען עולם...

אָבער ערשט דאָ צווישען עולם, וועלכער האָט זיך גע־צויגען אין רייהען צו א געוויסען ציעל, האָט ער זיך דערפיהלט איינזאמער ווי ערגעץ אנדערש, וואו עס איז שטיל.

ער האָט זיך ביסלעכווייז אָבגעטהיילט פון עולם און איז געקומען אין א ליידיגער, שטילער, האלב דונקעלער גאָס.

אָבער דאָ האָט ער דערפיהלט דעם אומעט טיעפער און

שארפער. עס איז דורכגעגאנגען א פּאָר׳ל. די „זי“ האָט גע־רעדט, גערעדט און דער „ער“ האָט אויפמערקזאם געהערט. אפרת האָט זיי נאָכגעפאָלגט מיט די בליקען ביז וואנען זיי זיי־נען פערשוואונדען.

ער האָט זיך געלאָזט ווייטער און ווייטער. פאָרבייגעהענ־דיג א דראָג סטאָר האָט ער זיך איינגעקוקט אינעווייניג צו עס איז דא א זייגער. יא, עס איז דאָ! דער זייגער איז שוין אכט. ביז צוועלף האָט ער נאָך פיער שטונדען. וואָס טהוט מען אין די דאָזיגע פיער שטונדען?

אפשר וועט ער אריבערגעהן צו ליעבקינד. ליעבקינד איז גאָר אן אלטער בעקאנטער, כמעט א יוגענד־חבר און זיין ווייב־על איז אזא פיינע. ער האָט זי נאָך געקענט אלס מיידעל.

און פאר אפרת׳ן האָט פאָרגעשוועבט א בלאָנדער קאָפּ, צוויי בלאָהע אויגען און א רונד געזיכט מיט א גוטען ליעבען שמייכעל אויף צוויי פולע, בלוטיגע ליפּען.

עס איז פּונקט די צייט. אָט די קאר ברייננגט איהם צו זיי. העי, קאָנדוקטאָר, סטאָפּ!

און אפרת איז שוין געזעסען אין קאר און געהאט פאר זיך א ציעל: צו ליעבקינד׳ען.

---

ער האָט אנגעקלונגען און געוואַרט. עס האָבען זיך פון אינווייניג געהערט טריט נאָך טריט. דאָס איז זי? דאָס איז זי. די טהיר האָט זיך פון אינעווייניג געעפענט.

— אפרת! א גאסט! — האָט איהם דער פריינד גע־דריקט די האנד.

אפרת האָט זיך דערפיהלט טיעף געריהרט. ער האָט פריהער געוואוסט, אז ער וועט זיין א גאסט און אומזיסט האָט ער זיך ארומגעשלעפּט אויף קארס און סטריטען.

ער איז אריין אינעווייניג אין גאסט־צימער. עני, דאָס יונ־גע ווייבעל, האָט זיך שטארק דערפרעהט:

— אפרת, פארוואס זעהט מען אייך ניט?
זי האט איהם דערלאנגט ביידע הענד.

— מען איז שטארק, שטארק פערנומען! — האט אפרת מיט א יום־טוב׳דיגער מינע זיך פערענטפערט...

— יא, יא, מיר האבען געהערט — האט עני מיטגעפיהלט. איהר ארבייט אין אן אפים. אבער דאך, אמאל כאפט מען זיך אריין. אהר זייט דאך דא אזוי איינזאם...

— א, ניין! — האט זיך אפרת פערטהיידיגט. איינזאם ניט! איך האב דא פריינד, בעקאנטע... דוקא ניט איינזאם, עס הייסט ווי אמאל... א מאדערנער מענש איז איינזאם צווישען פריינד.

— אך, די מאדערנע מענשען! — האט עני געשמייכעלט— איך בין שוין אין גאנצען ארויס פון דעם לאגער. בין געווארען אן אלטמאדישע...

און זי האט א שמייכעל געטהאן. ווי זי וואלט מיט׳ן שמייכעל געוואלט אבלייקענען איהרע אייגענע ווערטער.

אפרת האט זיך דערפיהלט היימיש און גוט. זי איז געזעסען די גאנצע צייט נעבען איהם, אפט איהם אנגענומען פאר דער האנד. געפוצט איהם דאם קנעפעל פון ראק און אבגעשטויבט דעם אש פון סיגארעט, וואס ער האט נאכלעסיג ארא־געלאזט אויפ׳ן וועסטעל.

עס איז געגאנגען א שעה נאך א שעה. זאל ער שוין אוועקגעהן?

אך! — האט ער הויך אויסגעשפראכען זיין געדאנק — עס ווילט זיך גאר ניט אוועקגעהן.

— נו, וואס דארפט איהר אוועקגעהן? — האט עני ווי מוטערליך זיך געווענדעט צו איהם. — מיר זיצען אלע מאל שפעט. ווייסט איהר גאר וואס — האט זי זיך פלוצלונג געכאפט — בלייבט ביי אונז נעכטיגען. מיר האבען א פרייען צימער פאר א גאסט.

— גענוים, אפרת. בלייבט דא נעכטיגען, ווארום ניט?— האט אויך ליעבקינד פארגעשלאגען אויפריכטיג. אזוי לאנג ניט געווען. איהר וועט אויפשטעהן מארגען פריה, אבטרינקען טהעע און אוועקגעהן אין אפים.

ווירקליך א זעלטענע אידעע. אפרת האט אבער אנפאנגס זי ניט אנגענומען. וואס הייסט — ער האט דען ניט קיין אייגענעם צימער? און נאך וואס פאר א צימער — מיט דריי פענסטער צום פראנט. אבער דאס צימעריל, וואס איז פריי ביי ליעבקינד'ן איז אויך ניט קיין שלעכטס. עני האט איהם פערזיכערט, אז ער וועט שלאפען ווי א גראף...

—האסט פאר איהם א קאלדרע? — האט ליעבקינד ווי פאטערליך־פערזארגט געפרעגט.

— גענוים. אפילו צוויי, נארעלע! וואס הייסט? — האט זיך עני אנגעכאפט.

אפרת האט געפיהלט דאנקבארקייט צו די דאזיגע עני, וואס זי איז אזוי פריינדליך צו איהם. און אפשר איז דאס מעהר ווי פריינדשאפט?...

ניין. דאס טאר ער ניט טראכטען. זעהט ער דען ניט, ווי ליעב זי האט ליעבקינד'ן. ער איז זעהר ליעבענסווירדיג כאטש די נאז זיינע איז אביסעל צו קורץ. ער האט אמאל געהערט, צי געלעזען, אז א פרוי האט ניט ליעב א מאן מיט א קורצען נאז. ער, אפרת, האט גענוים א שעהנערע נאז, א מעהר מענליכע.

אבער עס געהט דען אין דער נאז? האט ער פון זיך אליין געלאכט. מיין גאט! עס איז דאך אזוי גוט צו בלייבען דא, ליעגען אויף דעם געלעגער, וואס די ליעבע עני האט געמאכט.

גענוים בלייבט ער דא נעכטיגען.

---

דאס געלעגער איז ווירקליך געווען ערהאבען. אפרת האט זיך געפיהלט, ווי ער איז נייע־געבוירען.

ער האט שוין געוואלט פערדרעהען די גאז און זיך איבער־

דעקען. אבער ער האָט דערהערט א שטיל קלאַפּען אין טיר:

— קען מען אריין?

אַך, ס'איז עני... אפרת האָט פערווירט אויסגעשריען:

— יא עני, מען קען.

זי איז אריין מיט א שמייכעל און שטעהענדיג ביי'ן טיר, געפרעגט:

— איז אייך ניט הארט?...

— אַך, אין געגענטהייל...

— נו, טו שלאָפט געזונד.

— איהר אויך דאָס זעלבע.

ער האָט אבער דערפיהלט, אז ער מוז איהר דריקען די האַנד....

— ניט די האַנד! — האָט ער ארויסגעצויגען זיין האַנר פון דער קאָלדרע.

זי איז צוגעגאַנגען און האָט איהם מיט א ליעבען שמייכעל דערלאַנגט די האַנד.

— נו, איך דאַנק אייך! — געהט שלאָפען.

זי איז אבער געשטאַנען און געשמייכעלט.

— געהט, געהט! — האָט ער פריינדליך זי געטריעבען — ליעבקינד קען נאָך אייפערזיכטיג ווערען.

— אָ, ניין! — האָט זי געלאַכט — ליעבקינד האָט מיר אליין געשיקט פרעגען אייך צו איז אייך גוט צו שלאָפען...

— אַך. דאָס האָט ער אליין געשיקט — האָט זיך אפרת ווי בעליידיגט — איך דאַנק איהם.

זי האָט זיך געקליעבען ארויסצוגעהן, אבער עס איז געווען קענטיג, אז זי האָט נאָך עפּעס צו טהאָן און איז ניט ענטשלאָסען.

אפרת האָט עס אבער פערשטאַנען. געוויס, זי האָט איהם ליעב. ער קען איצט אויסנוצען די געלעגענהייט. אַך, ווי רייצענד זי איז:

— עני! איהר זייט איצט אזוי הערליך!
— אָ, איך דאנק אייך!
— קומט צו נעהענטער! שעהמט זיך ניט...
זי איז צוגעגאנגען.
— געוויס! איך שעהם מיך ניט.
— בויגט זיך אַן. איך וויל אייך א קוש טהאָן אין שטע־רען — האָט ער גערעדט ווי פון היץ.
זי האָט זיך אַנגעבויגען און ווי פערשעהמט געפליס־טערט:
— איהר מענט אין די ליפען אויך...
— ווי הייסט איך מעג — און ליעבקינד...
— ליעבקינד?... ליעבקינד האָט מיר אליין געשיקט אייך געבען א קוש... ער האָט אייך אזוי ליעב...
אפרת האָט אַבגעלאָזט איהר קאָפּ, א מאָרגעם שמייכעל געטהאָן פון דער ראַזיגער זאַנדערבארער פריינדליכקייט און מיט א נעמאַכטען שטאָלץ געזאָגט:
— אָ, איך דאנק אייך ביידען. איהר זייט אזוי גוט צו מיר. ווירקליך!... איך וועל קומען אָפּט צו אייך...
און פּיהלענדיג זיך נאָך אלץ בעליידיגט, האָט ער פּלוצלונג אויסגעשריען:
— אך, מיין גאָט! איך האָב דאָך אייך גאָר פערגעסען צו דערצעהלען. איך געה דאָך אין א פּאָר וואָכען ארום חתונה האָ־בען...
— ווירקליך! — האָט זיך עני אַנגעכאַפּט — פאַרוואָס האָט איהר עס ניט דערצעהלט גלייך? ליעבקינד! — האָט זי פּלוצלונג גענומען רופען: ליעבקינד!
ליעבקינד איז אריין אין צימעריל.
— ער געהט דאָך חתונה האָבען! — האָט זי מיט פרייד געמעלדעט.
— פאַרוואָס האָסטו עס ניט דערצעהלט פריהער? —

האט ליעבקינד פארווירפע געמאכט...

— ווייס איך... — האט אפרת געשטאמעלט — איך האלט דאס ניט פאר וויכטיג... איבעריגענס, איך האב פערגעסען גראד...

— אזוינס פערגעסען! — האט ליעבקינד פראטעסטירט— ביזט טאקי א זאנדערבארער מענש... אבי איך האב געמיינט, אז דו האסט אין לעבען גאר ניט און ס'האט מיר זעהר וועה געטהאן... אויב אזוי, שלאף געזונט און קום א צווייטען מאל מיט דער כלה...

— ניט אנדערש מיט דער כלה! — האט עני שוועסטערליך געפאדערט — זי איז א בלאנדינקע צי א ברונעטקע?

— אן עכטע ברונעטע! — האט ליעבקינד געשמייכעלט— איך „גלייך" ניט קיין בלאנדינע.

— הערסט אויפ'ן שעהנעם מענשען — ער גלייכט ניט קיין בלאנדינע! — האט עני זיך געמאכט ברוגז — פון דעסט־וועגען מיר א קוש טהאן אין שטערן האט ער געוואלט... מיר וועלען זיך שוין מארגען אפרעכענען מיט איך. דערוויילע שלאפט געזונט... און א לאכענדיגע האט זי מיט ליעבקינד'ן פערלאזט דאס צימעריל.

אפרת איז געבליעבען אליין, אויסגעלאשען דאס ליכט און בלייבענדיג אין דער פינסטער האט ער גענומען טראכטען וועגען א ברונעטע מיידעל, וואס ער וועט מוזען געפינען, כדי ניט צו בלייבען קיין נאר ביי ליעבקינד'ן מיט זיין בלאנדער ווייבעל...

# דער אונפעהיגער כלל־טהוער.

— און איך, מיינע פריינד, — האט אנגעהויבען מיט זיין גוטמוטהיגען שמייכעל מר. פרידמאן, א מאן ארום פיערציג יאהר, מיט כאראקטעריסטישע קנייטשען ארום די גרויסע שווארצע אויגען — איך, מיינע פריינד, האב כלל־טהועריי ניט ליעב און איך ווייך עס אוים ווי א פעסט. איך האב מיך אמאל נאך אלס אינגעל אבגעבריהט און זייט דעמאלט ווייס איך דעם גאנצען סוד און ווען איך הער ווענען כלל־טהוער און ווענען צדקה חברות, וועלכע ווערען אזוי געריהמט, — שמייכעל איך צו און טראכט זיך: איך קען אייך אלע!

איך בין נאך דאן געווען אין דער היים אין א קליין שטעד־טעל אין ליטא. דאס גאנצע שטעדטעל איז בעשטאנען פון א פאר הונדערט פאמיליעס, אבער חברות האט זי פערמאגט פיעל: כמעט א חברה אויף א משפחה... און דאס רוב פון די חברות זיינען געגרינדעט געווארען אויסצוהעלפען די שטארק געפאלע־נע לייט פון שטעדטעל, וועלכע האבען נעדארפט אנקומען צו הילף. אזוינע זיינען אבער קיין סך ניט געווען און די עטליכע, וואס זיינען יא געווען האבען שטענדיג געליטען דחקות און נויט און די אלע חברות האט זיי געהאלפען, ווי א טויטען באנקעס...

איז ביי איינעם פון די ארימע קראנק געווארען א קינד צי אן אנדער מיטגליעד און דער מאן, צי אמאל דאס ווייב פלעגט קומען צום גבאי פון בקור חולים, פלעגט דער גבאי פרעגען, ווי א דאקטאר אויף דער קראנקהייט און אויב עס איז געווען א טיפוס פלעגט ער זאגען, אז טיפוס געהערט צו דער חברה לנת־הצדק... טאמער איז דאס געווען סקארלאנטין האט ער געהייסען

געהען צו דער חברה „רופא חולים“ און אויב עס איז געווען א לונגען ענטצינדונג האט ער אבגעשיקט צו רחל לאה דער שפרע־כערקע:

— שפרעכט אב עין הרע און עס וועט איבערגעהן...

און אט אזוי פלעגט יעדער גבאי פון דער חברה אויספרע־גען די קראנקהייט, שאקלען מיט'ן קאפ און שטארק בעדויע־רען ארויסווייזענדיג דערמיט זיין גוטהערציגקייט, אבער העל־פען האט קיינער פון די גבאים ניט געקענט און אלץ צוליעב דעם, וואס ווערליג די תקנות פון דער חברה געהערט די קראנק־הייט צו „לינת הצדק“ און דער גבאי פון לינת הצדק ווייזט אויף פערקעהרט אז א „טיפאזנעם“ חולה דארף שטיצען דער בקור חולים. און דער גבאי פון בקור חולים פרעגט ווידער אויס געגנוי די קראנקהייט און געפינט אויס, אז דאס איז א געוועהנ־ליכע פערקיהלונג און זי זאל פאר'ן שלאף נעהמען „פראשקעס“ צום שוויצען...

— וואו זאל איך נעהמען געלד אויף די פראשקעס? — קלאגט זיך דער בעטער אדער די בעטערין...

— פראשקעס... הם.. פראשקעס? — פערטראכט זיך דער גבאי — פרובט אריבערגעהן צו דער חברה ארימע קינדפע־טארינס...

— ווי קומט עס צו קינדפעטארינס — עס איז מיין על־טערע מיידעל... גאט איז מיט אייך — קלאגט זיך דער ארימער פאטער, צי די ארימע מוטער...

— נו, דעריבער איז וואס? וואס איז שייך איינס צו ס'אנדרעע... א מיידעל טאר דען ניט בעקומען קיין הילף פון דער חברה ארימע קינדפעטארינס... זי וועט דאך אמאל חתונה האבען... עפעס האבען מיר דאך א חברה „הכנסת כלה“... וואס הייסט? מען וועט ניט לאזען א אידישע טאכטער פערזיצען... זייט רוהיג...

אַט אַזוי און עהנליך צו דעם האָבען די גבאים בעהאַנדעלט די עטליכע אָרימע פאַמיליען, וואָס פלעגען דאַרפען אָנקומען צו די דאָזיגע חברות...

---

אין יענע צייט, מיינע פריינד, — האָט מר. פריעדמאַן שמייכלענדיג פאַרטגעזעצט — בין איך געוועזען אַלט אַרום פיער־צעהן יאָהר, אָבער אַזוי ווי איך בין געוועזען אַ געוויקסיגער און זיך ביכלעך האָב איך געלייענט און שוין געוועזען ערנסטער און זיך ניט גע׳חבר׳ט מיט די צולאָזענע אינגלעך, האָבען מיך די שטאָד־טישע משכילים, יונגע בחורים, צווישען אַכטצעהן און צוויי און צוואַנציג יאָהר, אַריינגענומען אין זייער „מיטע״, ווי מען דריקט זיך אויס. און איינמאָל ווען עס איז געוועזען אַ יקרות ־ יאָהר, זיינען צוגעקומען אַ פּאָר אָרימע משפחות אין שטעדטעל, האָבען די דאָזיגע בחורים זיך אַרומ־געזעהן, אַז אַזוי ווי די אַלטע חברות זיינען שוין אָבגעלעבט און ליגען אין די הענד פון פאַנאַטיקער און פּראַצענטניקעס, זאָלען מיר, די יונגע, די נייע, די לעזער פון „המליץ״ און פון „פּאָלקס־בלאַט״ מאַכען אַ חברה אויף נייע יסודות און אַשטאַט אידען מיט בערד, זאָלען האָבען די דעה טאַקע מיר אַליין...

און כדי אונזער חברה זאָל געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג, זיינען מיר געוועזען נעבנוג דיפּלאָמאַטיש און האָבען אויך צוגע־צויגען צוויי חברה־לייט פון די פּני פון שטאָדט, איינער איז געוועזען יחיאל דעם רב׳ס, אַ בחור וואָס האָט זיך געהאַלטען מעשה חבר מיט די וועניגער ראַדיקאַלע משכילים און דעם גביר׳ס איידעם, יודעל, וואָס האָט זיך געשטופּט צווישען אונז..

די צוויי האָבען געזאָלט געבען אונזער חברה פּרעסטיזש, און אַרבייטען האָבען מיר אַליין ניט געדאַרפט...

די חברה האָבען מיר אַ נאָמען געגעבען „אוהבי אביונים״, דאָס האָט בעדייט: די ליעבהאָבער פון אָרימע לייט... ווי ווייט די ליעבע צו די אָרימע לייט האָט געגרייכט ביי די איבעריגע

חברה לייט, קען איך איצט ניט בעשטימען. איך ווייס נאר, אז דעם גביר'ס איידעם, איז דער דאזיגער נאמען ניט געפעהלען געווארען...

— למאי אוהבי — האט ער זיך געווינקעלט...

— ווי דען? עס זאל הייסען שונאי אביונים — די פיינד פון ארימע לייט? — האט איינער געשטעלט א קלאץ קשיא...

— דאס וועל איך ניט זאגען.. מען זאל רופען שונאי־אביונים, עס איז ניט פאסיג, — האט זיך דער איידעם פער־ענטפערט — איך מיין נאר, אז מען זאל דאס רופען סתם חברה־אביונים — האט ער פארגעשלאגען.

— ערשטענס — האט איינער איבערגעשלאגען איז חברה־אביונים ניט על פי דיקדוק... על פי דיקדוק דארף זיין חברת אביונים. און הערצו איז חברת אביונים דער טייטש, אז מיר, די מאכער, זיינען די אביונים...

און דעם גביר'ס איידעם, יודעל, האט געמוזט מסכים זיין אויפ'ן נאמען אוהבי אביונים מיט גוואלד... אבער געפיהלט, האבען איינינע פון אונז, די מעהר פסיכאלאגען, אז דער דאזיגער יונגער מאן איז מיט'ן נאמען ניט צופריעדען... און אז קיין שטארקער ליעבהאבער פון ארימע מענשען איז ער ניט, דער דאזיגער זיידענער יונגערמאנטשיק...

דערפאר האבען מיר איהם צוגעווארפען א ביינדעל און פערדרייניגט איהם דערמיט, וואס איהם האבען מיר אויסגעקלי־בען פאר'ן קאסיר. עס הייסט, אז דאס געלד, וואס אונזער חברה וועט פערמעגען, זאל ליגען ביי איהם און ארויסגעבען קען ער נאר דעמאלט, ווען דער מזכיר, דאס הייסט דער סעקרעטער זאל זיך אונטערשרייבען.

אזוי ווי איך האב געהאט א שעהנעם כתב און א סטא־טעטשנער בחור'ל בין איך געווען, האט מען מיך אויסגעקלי־בען פאר'ן מזכיר, מיט דער מאכט צו קענען שרייבען צעטליך און דער יודעל, מוז אויף מיינע צעטליך געבען געלד דעם אביון

וואס וועט קומען מיט מיינעם א צעטעלע...

דער דאזיגער אמט האט מיך אויפגעהויבען שטארק אין מיינע אויגען און אין די אויגען פון די פאר ארימע משפחות, וואס האבען זיך געפונען אין אונזער גאס.

די ערשטע האט פון מיין דאזיגען אמט ערפאהרען פעשע די שוסטערין, וואס איהר מאן האט זעלטען ווען געהאט אר־בייט. און עס איז ניט געווען קיין סוד, אז זיי לעבען האלב אין הונגער מיט די קליינע קינדער זייערע... פעשע, אלס אונזערע א נאהענטע שכנה'טע פלעגט מיר אלע מאל זאגען דו און רופען מיט מיין אינגעלשען נאמען „חיים'ל", — פלוצים בעמערק איך ווי זי האט געענדערט איהר גאנצע בעציהונג צו מיר. דערזע־הענדיג מיר שטעהן אויפ'ן הויף, איז זי צוגעגאנגען און ווינ־שענדיג מיט'ן פארטוך די שפיץ נאז, האט זי זיך אנגערופען:

— איך האב געהערט זאגען, אז א י ה ר זיינט געוואו־רען א גאנצער מאכער... אז איהר גיט א צעטעלע און זיי גיבען געלד... איהר וואלט זיך געקויפט עולם הבא ווען איהר שרייבט אן א צעטעלע, אז זיי זאלען מיר אויסהעלפען מיט עטליכע גילדען... איך זאג אייך, חיים, אז...

און וועלענדיג מעהר ווירקען אויף מיר, אדער איהר האט טאקע באמת פערדריקט דאס הארץ — זי האט זיך צולאזט אין א העפטיגען געוויין...

איך האב איהר קודם געטרייסט, אז עס איז ניטא וואס צו וויינען, די חברה אוהבי אביונים איז ניט גלייך צו אנדערע חברות, עס איז א חברה, וואס גלייך, ווי מען קומט מיט'ן צע־טעלע פון דעם מזכיר, פון מיר הייסט עס, גיט מען גלייך שטי־צע... אט זאל זי מוחל זיין ווארטען א ווייל, איך וועל אריינ־געהן אנשרייבען א צעטעלע צו יודלען דעם קאסיר פון דער חברה אויף פינף גילדען... וועט זיין גוט...

איך האב זי געלאזען שטעהן און איך בין כהרף עין אריינ־

געלאָפּען אין שטוב, געכאַפּט זיך פּאַר'ן טינט און פּעדער און אָנגעשריבען אַ צעטעלע קורץ און שאַרף:

„להגביר המפורסם והמופלג מוהר"ר יהודא ליב נ"י!

„נא לתת להמוכז חמשה זהובים, כי אביונה גדולה היא ואין לה במה להחיות את נפשה ואת נפשות בניה, בנותיה ובעלה הסנדלר אשר אין לו עבדה כלל וכלל..."

אונטערגעשריבען דעם נאָמען און אָװעקגעלעגט דעם „פּעטשאַט" „חברת אוהבי אביונים" בין איך שנעל אַרויסגעלאָפען אַנטקעגען דער אָרימער פרױ, װעלכע איז געשטאַנען אין ערװאַרטונג און זיך אָלץ געװישט די אויגען.

דערזעהענדיג מיך מיט'ן צעטעלע, האָט זי מיר אָנפאַנגס בעדאַנקט מיט שטומע בליקען, באַלד איז זי אָבער רעדעװודיג געװאָרען און אויך נייגעריג און געבעטען מיר, איך זאָל איהר איבערלייענען װאָס עס שטעהט אין צעטעלע.

איך האָב ערפילט איהר בקשה און איך האָב איהר איבערזעצט כמעט װאָרט אין װאָרט:

„צום גרױסען גביר, צום למדן מוהר"ר יהודא ליב! איך בעט דיר צו געבען דער דאָזיגער, װאָס ברענגט דעם דאָזיגען כתב פינף גילדען..."

— אַי, זאָלט איהר לאַנג לעבען... עס װעט זיך מיר עפענען די אױגען... װײטער װאָס איהר שרײבט איז מיר שױן ניט װיכטיג... אַבי פינף גילדען... אָבער ער װעט אפנים געבען?— איז זי ענדליך געװאָרען פּעסימיסטיש.

— ער מוז געבען האָב איך איהר פערזיכערט, איהר זעהט דאָך, דאָ איז מיין חתימה און דער שטעמפּעל פון דער חברה.

— אויב אַזױ מוז ער טאַקי געבען — האָט זי מיר פּאַרטאַקעװעט, אָבער געגלױבט האָט זי נאָך אַלץ ניט, דאָך האָט זי זיך גענומען אױסװישען די לעצטע טרעהרען, װי געזאָגט:

— אפשר װעט ער יאָ געבען.

מר. פרידמאַן האָט אָנגעקוקט די געזעלשאַפט, פּאָר װעלכע

ער האט דערצעהלט און בעמערקט ווי א פאר פון זיי שמייכלען.
— איהר שמייכעלט — האט מר. פרידמאן אליין צוגע־
שמייכעלט... איהר טראכט אודאי, אז ער האט ניט גענעבען...
האט איהר טאקי ניט געטראפען: ער האט יא געגעבען און טאקע
די גאנצע פינף גילדען.

אבער מיין גליק וואס איך האב געהאט דער־
פון דעם גאנצען טאג, ערשטענס וואס איך האב געטהאן
אזא טובה מיט אן ארימע שכנה'טע און צווייטענס טאקי דער
שטאלץ, אז מיין צעטעלע גילט — אבער מיין גליק און מיין
שטאלץ האט לאנג ניט געדויערט. אין עטליכע טעג ארום, נאכ־
דעם ווי איך האב א צווייטער ארימער שכנה געשריבען א צעי־
טעלע און ווידער אויף דער זעלבער ריעזיגער סומע „חמשה
זהובים", בין איך גערופען געווארען צו דער אסיפה, וואס אונ־
זער חברה געהט מאכען דאנערשטאג אבענד נאך מעריב אין
קליינעם בית־המדרש. וועגען דעם ציעל פון דער „פראוויזארי־
שער" פערזאמלונג האט מען מיר ניט איבערגעגעבען...

דאס הארץ אבער האט מיר געזאגט, אז פאר מיר איז דאס
ניט צו גוטען.. .עס שמעקט מיט פערלירען די קרוין פון מיר.

און אס הארץ האט מיר פערזאגט דאס ריכטיגע. אפיציעל
האט עס געהייסען, אז אין די פריהערדיגע „וואהלען" איז גע־
מאכט געווארען טעותים. אין אמת'ן אבער האט יודעל דעם
גביר'ס איידעם נישט געקענט פערטראגען, וואס צוויי מענשען
האט ער געמוזט נישט דיר נישט מיר ארויסגעבען אין א קורצער
צייט שטיצע... און כדי, אז ווייטער זאל מען ניט ארייגפאלען
מיט אזא ווייכהערציגען מזכיר, האט ער פארנעשלאגען, א מזכיר
אליין צו זיין און דער קאסיר וועט זיין דער שווער זיינער, דער
גביר...

און זיי זיינען ביידע ערוועהלט געווארען איינשטימיג. איך
מיין דערמיט צו בעטאנען, אז אפילו איך האב מיין שטימע אויף

געגעבען, אזוי ווייט שולדיג האָב איך זיך אין יענעם אבענד געפיהלט.

די חברה האָט דערפאר עקזיסטירט א לאנגע צייט, אָבער אז איך האָב אין א יאהר ארום נאָך מיין „ענטקרויכונג" זיך צורעדט מיט פעשען, וועלכע איז ווידער געווען אין א גרויסער נויט און געראטהען איהר זי זאָל געהן צו דער חברה אוהבי אביונים, האָט זי א ביטערען שמייכעל געטהאָן און געענטפערט:

— ערשט יענע וואָך געווען...

— נו, — בין איך נייגעריג געוואָרען.

— דער האָט מיר געשיקט צו „הכנסת כלה"... און דער גביר אליין האָט מיר געשיקט צו דער חברה „ארימע קינדפעטאָרינס"...

פון דעמאָלט אָן, מיינע פריינד, מיש איך מיך ניט אין די אַלע צדקה חברות. האָב איך א פּאָר גראָשען, גיב איך אליין...

און מר. פרידמאַן האָט א גוטמוטהיגען שמייכעל געטהאָן.

# מענשען־ליעבע.

חייקעלסאן האט געמאכט א לעבען דערפון, וואס ער האט געהאט א שעהנע האנדשריפט און א גוט הארץ. זיין האנדשריפט איז געוועזן אויסגעצייכענט — אותיות רונדע און גלאטע. זיין הארץ ווידער איז געוועזן א ווייכס און א גוטס. מענשען האט ער ליעב געהאט ווי זיך אליין און אמאל מעהר ווי זיך אליין. און אט א דאנק דער נומער האנדשריפט און גוט הארץ האט ער „אונטערגעשריבען", דאס הייסט — זיך בעשעפטיגט מיט ליטעראטור.

ארויסגעהענדיג אין גאס און דערזעהענדיג די מאססען צוויישען וועלכע עס האבען זיך ווי דער שטייגער איז, פיעל ארימע און אונגליקליכע געפונען, איז זיין גוט הארץ גלייך געריהרט געווארען, און ער פלעגט גלייך אוועקלויפען א היים, אוועקזעצען זיך ביי זיין קליין טישעל און אנהויבען מיט זיין שעהנער האנדשריפט צו שילדערן די דאזיגע ארימע אונגליקליכע מענשען.

אבשילדערענדיג אזוי עטליכע בייגעלעך פאפיער אויף איין זייט ווי עס האבען געפאדערט די „זעצער", פלעגט ער די דאזיגע בעשריבענע אונגליקען און מיטגעפיהל אוועקגעטראגען אין דער רעדאקציע, וועלכער ריכטונג עס איז געוועזען „מענשען־ליעבע" און ווי באלד די געפיהלען זיינע געוועזן עכט און האבען דעם רעדאקטאר געקענט ריהרען, פלעגט חייקעלסאן בעקומען זיין האנאראר און אזוי ארום האט ער געמאכט ניט קיין רייכען, אבער אן אשטענדיגען לעבען — פון „מענשען־ליעבע"...

ווער רעדט, אז חייקעלסאָן אליין פלעגט אויסקומען צו זיין ניט נאָר קיין פאַסיוועד צושויער פון די אלע אונגליקען און עס פלעגט איהם נאָך אויסקומען זיך אריינמישען און אליין אויך עפּעס טאָן, ווי צו שענקען א פּאָר גראָשען אן אָרימען פריינד, א חבר — דאן פלעגט ער שוין פערשרייבען מיט עטליכע בוי־נעלעך מעהר און אזוי ארום פלעגט ער פאר די פּאָר גראָשען אב־געהמען כפל־כפלים.

איינמאָל האָט ער אין זיין קליין צימערל ארייננענומען נעכטיגען א היימלאָזען יונגען מאַן און צורערענדיג זיך מיט'ן דאָזיגען היימלאָזען האָט זיך זיין גוט און ווייך הארץ, אנגע־פילט מיט ימים־געפיהלען און מיט מענשען־ליעבע אזוי, אז ער האָט דעם דאָזיגען אָרימען יונגען־מאן ארומגעכאַפּט און צוקושט זיך מיט איהם און געלאָזט רינען א טרעהר אויפ'ן גורל פון דעם יונגען מאן בפרט און פון דער אָרימער מענשהייט בכלל; ער האָט אויף מארגען די דאָזיגע סיטואציע אויסגענוצט, האָט עס אָבגעשילדערט אויף א גרעסערע צאָהל בויגעלעך פּאַפּיער און פון דעם „קוש“ האָט ער געמאכט א גוואלדיגען „סימבאָל“, און האָט בפירוש אויסגעדריקט, אז ניט דעם אָרימען יונגען מאָן האָט ער געקושט, נאָר ער האָט אין זינען געהאט די גאנצע אָרי־מע מענשהייט, — די דאָזיגע „שטעל“ איז דעם רעדאקטאר און נאָכדעם דעם פּובליקום אזוי געפעלען געוואָרען, אז חייקעלסאָן האָט זיך גענומען צעהלען צווישען די גרעסטע הומאנע דיכ־טער, וואָס דאָס פאלק פערמאָגט און מען האָט איהם געהעכערט דעם האָנאָראר דאָפּעלט.

אָט אזוי האָט זיך עס געצויגען לאנגע יאָהרען. חייקעלסאָן האָט ליעב געהאט די מענשהייט און די מענשהייט האָט צוריק איהם ליעב געהאט און ער האָט אזוי ארום, ווי אויבען איז געשטאָנען זיך געמאכט א שעהנעם אנשטענדיגען לעבען, האָט זאָגאר ברעה געהאט צו קויפען א הויז און אָנהויבען לעבען מעהר סאָליד און באָרענהאָפט.

אבער ווי זאגט דאס פאלק א ווערטעל: א מענש טראכט און גאט לאכט: גראד דאן ווען חייקעלסאן האט זיך דארט בע־ריימט צו שרייבען א גרויס ווערק מיט דעם טיטעל „די ליעבע צום כלל“, האט ער דערפיהלט אז עפעס איז אין זיין הארץ פארגעקומען אן ענדערונג און די ארימע מענשהייט ריהרט עם שוין ניט אזוי ווי אמאל.

ער האט דערפיהלט, אז די מענשען מיט וועלכע ער האט זיך אזוי נעצאצקעט הויבען איהם צו ווערען איבערדריסיג.

אין בעסטען אופן איז ער צו זיי גלייכגילטיג, ווי אזוי ער איז צו דעם ראזינגען צושטאנד געקומען איז שווער צו ווי־סען. אבער ער האט דערפיהלט, אז אויב דער צושטאנד וועט זיך לאנג ציהען איז ער קאפוט. אהן ליעבע צו מענשען וועט ער ניט קענען עקזיסטירען.

ער האט זיך געלאזט אין די סאמע ארימע ווינקלען פון שטאדט, וואו די נויט האט געמאכט איהר נעסט. ער האט גע־זעהן נאקעטע קינדער שטעהענדיג ביי די שוועלען פון די טירען און האבען געוויינט, געשריען און עפעס געבעטען. אן אנדערש מאל, וואלט ער פון אזא בילד געקענט מאכען עטליכע ארטיקלען און ארויסווייזען זיין מענשען־ליעבע אין פולען גלאנץ און וואלט נתעשר געווארען, — איצט אבער האט עס איהם נישט געריהרט. ער האט פון די אלע ארימע ניט געקענט מאכען קיין איין ארטיקעל. „ארימקייט איז א גאנץ געוועהנליכע זאך!“ האט ער אנגעהויבען פילאזאפירען.

אבער פאר פילאזאפירען האט ער זיך נאך מעהר דער־שראקען, פילאזאפיע ווייס ער איז ניט קיין גאנגבארע סחורה.

און געהענדיג אזוי אין גאס אהן א פונק ליעבע צו די אלע וואס ער האט בעגעגענט, האט ער זיך געבייזערט און געברומט:

— געהט צום טייוועל! פאר וואס קען איך אייך מעהר ניט ליעבען!

# דער בעזוך.

בערנשטיין האָט פערלאָזען זיין ליטווישע חיים, אלס פופ־צעהן יעהריגער איינגעל. ארומוואנדערענדיג פון איין שטאָט אין דער אנדערער, איז ער ענדליך פערוואָרפען געוואָרען איבער'ן ים אין דער גרויסער שטאָדט ניו יאָרק.

אויך ניו יאָרק האָט ער בעטראַכט די ערשטע צייט אלס א קורצע סטאַנציע פאר א ווייטערדיגען וואַנדערן. אבער געשעהן איז עס אַנדערש. ניו יאָרק האָט איהם אזוי ווי אריינגענומען פעסט אין איהרע שטארקע הענד, און ווענען ארויסרייסען זיך ערגעץ אנדערש, האָט ער שוין לאַנג אויפגעהערט צו טראַכטען.

ווי באַלד, אז ניו יאָרק איז שוין זיין היים געוואָרען, איז ער זאַגאַר געגען זיינע איבערצייגונגען געוואָרען אן אמעריקאַנער פאַטריאָט, און זיצענדיג אין קאַפע נאָך זיין ארבייט, אדער אין צייט פון ארבייטסלאָזיגקייט, פלעגט ער גיט מיט איינעם זיך צוקריגען, ווען יענער האָט געריהמט אייראָפּאַ אויפ'ן חשבון פון אמעריקאַ.

געגלויבט אין זיינע ווערטער האָט ער ניט, אָבער עס האָט איהם ווי ווערע געטהאָן נאָכצוגעבען, אז אייראָפּאַ, וועלכע איז שוין פאר איהם ווי א פערשלאָסענע לאַנד, זאָל זיין שעהנער פאר אמעריקאַ, דאָס לאַנד וואו ער וועט שוין ענדיגען זיין לעבען און געפינען זיין קבר...

— וואָס איז מיר יוראָפּ ?!... פלעגט ער האַלב־טרויעריג און האַלב טרייסטענדיג זיך, מבטל זיין זיין אַלטע היים... — א דעגענערירטע זקנה... אַלץ איז פערפוילט.. די אַרימקייט

וואקסם... ווען דאַרטען וואָלט געווען גוט, וואָלט מען צו אונז ניט געקומען...

און זאָגענדיג „אונז" פלעגט ער זיך דערמאָהנען, אַז איי־גענטליך האָט ער דערווייל אין אַמעריקאַ נאָך קיין שום חלק ניט. ניט נאָר קיין הויז ניט, אפילו אַ צימערעל פעהלט איהם אויך מאַנכעס מאָל אויס און איז פון צייט צו צייט געצוואונגען צו געהן שלאָפען אין אַ ביליגען האָטעל...

אָבער דעם „אונז" פלעגט ער צוריק ניט כאַפּען. פער־קעהרט, ער פלעגט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט רייצען, נאָך שטאַרקער מאַכען דעם איינדרוק: און ניט נאָר זיי קומען צו אונז... זיי שלעפּען אַרויס אונזערע אוצרות... האַלב אייראָפּאַ לעבט פון אונז... איהר פערשטעהט צי ניין !?

דעם „איהר פערשטעהט צי ניין ?! פלעגט ער שוין אַרויס־זאָגען מיט כעס... זאַנסט אָבער איז ער ניט געווען קיין שלעכ־טער. אין גענענטהייל, די פּאָר בעקאַנטע זיינע אין קאַפע האַ־בען איהם געשעצט פאַר זיין מילדען כאַראַקטער, איבערהויפּט דער קעלנער. מיט'ן קעלנער האָט ער געלעבט גאָר אינטים. אין דער קאַפע פלעגט ער אַריינגעהן דריי מאָל אַ טאָג און טרינק־געלד פלעגט ער איהם לאָזען נאָך יעדעם מאָל. אין אַן ענגערער צייט, וואו ער פלעגט ניט האָבען קיין איבעריגען ניקעל, פלעגט ער ווי פערשולדיגט, אָבצאָהלענדיג די גוויסע סומע, אַרויס־מורמלען:

— דעם טיפּ האָט איהר ביי מיר אַ חוב... — און אויף מאָרגען, קריגענדיג שוין אָביסעל מעהר געלד, פלעגט ער צורו־פען דעם קעלנער, אָנקלאַפּענדיג מיט'ן קוואָדער אין גלאָז:

— ווייטער !

דער קעלנער שפּרינגט אונטער.. און בערנשטיין דערלאַנגט איהם דעם קוואָדער און מורמעלט אַרויס:

— קיין רעשט בויך מען ניט...

דאָס בעדריט, אז די איבעריגע צעהן סענט שענקט ער איהם א טיפּ פאר נעכטען און היינט...

און בשעת מעשה טראכט ער:

— איך בין דאָך א דזשענטעלמאן.

ארויסגעהענדיג דערמאָהנט ער זיך, אז עס איז איהם אי־בערגעבליבען סך־הכל צוויי סענט... מילא, וועט ער שוין געהן צופוס אהיים. אָבער וואו נעהמט מען אויף סיגארעטען?

און ער קעהרט זיך אום צוריק אין קאפע, געהט צו צום קעלנער און מורמעלט איהם אריין, ווי א וויכטיגען סוד...

— גיט מיר א פּעקעלע סיגארעטלעך... מאָרגען בעקומט איהר בעצאָהלט...

---

אויסער'ן קאפע־הויז פלעגט בערנשטיין ערגעץ אנדערש ניט געהן. און ער האָט צוגעגעבען, אז אין הינזיכט פון גאסט־פריינדליכקייט שטעהט אייראָפּא העכער. דאָ, צום ביישפּיעל, איז עפּעס ניט קיין מאָדע צו פערבעטען אמאָל אין א הויז אויף א גלעזעל טהעע. ווי לויט ער געדענקט אין יוראָפּ.. יעדער לעבט פאר זיך. „מיר, אמעריקאנער", האָט ער עס מאָטיווירט, „זיי־נען צו ביזי זיך אָבצוגעבען מיט געסט..."

אָבער טיעף אין הארצען איז ער אויף אמעריקא נעוועזן בייז, וואָס זי אנערקענט ניט אזא שעהנע זיטע, ווי גאסט־פריינדליכקייט. ווען ניט דאָס קאפע, וואו ער קען זיצען אונגע־שטערט א פּאָר שעה, וואָלט ער זיך באמת ניט געהאט וואו אהינצוטהאָן אין די לאַנגע אָבענד־שטונדען.

אמת, ניו־יאָרק פערמעגט א סך עפּענטליכע ביבליאָטע־קען, וואו מען קען זיצען און לעזען. אָבער בערנשטיין האָט ניט ליעב צו זיצען מיט שטומע מענשען ארום טישען און ניט קע־נען אויסרעדען מיט זיי א וואָרט... ביכער זיינען זעהר ניצליך פאר מענשען, אָבער אין דער היים... אין א ביבליאָטעק וועהט עפּעס אזא קעלט.. ווען מען וואָלט כאָטש געלעזען אין דער

הויך... זיצט אבער דא יעדער ווי א קאלטער פילאזאף, פער־טיעפט אין זיין בוך און שווייגט..

און בערנשטיין האט די לעצטע צייט זיך שטארק פער־בענקט נאך א פאמיליע־הויז, וואו עס זיינען דא קינדער... זיהן און טעכטער... איבערהויפט טעכטער...

ער האט שוין ווירקליך אזוי לאנג ניט געזעהן א מיידעל אין איהר היים... ער זעהט מיידלעך אויף די גאסען א סך... אפילו צו פיעל... אבער זיי לויפען פערביי ווי א ווינד... זיי איי־לען, איילען... קיינער האט ניט קיין צייט...

אין אזוינע מאמענטען פון בענקשאפט נאך א פרוי, בייט ער איבער זיין רעסטאראן אויף א צווייטען, וואו עס געפינען זיך מיידלעך־קעלנערינס, אבער אין אזוינע רעסטאראנטס גליקט איהם ניט. אדער עס דערלאנגט איהם אויך דארט דער איינציגער מאנסבילשער קעלנער, און אויב עס געהט צו איהם צו א קעלנערין, איז זי ווי אויף צו להכעיס אלט און מיאוס... און פאר פראצענט קען ער נאך אין אזא מין רעסטאראן לאנג ניט זיצען... און ער מוז צוריקגעהן אין זיין שטענדיגען נעסט, וואו ער קען זיצען א פאר שטונדען, ביז ער רופט צו דעם קעלנער צו בעצאהלען...

---

ענדליך איז בערנשטיין'ס וואונש ערפילט געווארען. מר. מיראוויטש, א ביזנעס־מאן, וועלכער קומט אפט אריין אין דער זעלבער קאפע צוליעב ביזנעס, און מיט וועלכען בערנשטיין איז די לעצטע צייט נאהענט געווארען, האט איהם איינמאל איינגע־לאדען צו זיך אויף סאפער...

בערנשטיין האט זיך אנפאנגס צוליעב עטיקעטע געקוויינ־קעלט. ווער וויים, אפשר לאדט איהם מיראוויטש איין צוליעב מצוה, פשוט ווי מען לאדט איין אן אורח אין דער היים... אבער, אז מיראוויטש האט איהם פריינדליך ארויפגעלעגט די האנ־טיפ'ן פלייצע און געזאגט: קומט, איהר וועט אביסעל פער־

ברענגען, — האָט ער דעם נסיון ניט געקענט ביישטעהן און איז מיט איהם אוועק.

מיראָוויטש האָט געוואוינט אַפּ־טאון. ארויפגעהענדיג אויפ׳ן עלעווייטער איז בערנשטיינען אויסגעקומען דעם ערשטען צו געהן. צוגעהענדיג צו דער קאַסע, האָט ער געקויפט צוויי טי־קעטס.

— אַה, איהר האָט בעצאָהלט?... צו וואָס?... איך האָב אייך נאָר געוואָלט טריטען...

— אַ, עס מאַכט ניט... — האָט בערנשטיין זיך צוהיצט...

אַבער ער האָט זיך דערמאָהנט, אז ער איז בעגאַנגען אַ גרויסען פעהלער. ער האָט אויסגעגעבען די לעצטע צוויי ני־קעלס...

און זיצענדיג שוין אין קאַר, האָט בערנשטיין שמייכלענ־דיג בעמערקט...

— זאָגט אייך וואָס איהר ווילט, מר. מיראָוויטש. אמע־ריקא איז אַ פיינע לאַנד... אז נעהמט אפילו דעם מנהג פון צאָה־לען איינער פאַר׳ן צווייטען...

— יאָ, — האָט מיראָוויטש צוגעגעבען... — דאָ זיינען אַלע דזשענטעלליים... אין יוראָפּ איז דאָס ניט. דאָרט צאָהלט יעדער פאַר זיך...

און האָט גלייך נאָך די ווערטער פערוואָרפען דעם קאָפּ און גענומען דרעמלען.

— איהר שלאָפט, מר. מיראָוויטש? — האָט בערנשטיין איהם אָנגעקוקט...

— האַ... איך שלאָף... אַ מיאוס׳ע טבע... זעץ איך זיך אוועק אין קאַר, שליעסען זיך מיר די אויגען...

און נאָכדעם האָט ער גלייך צוריק פערמאַכט די אויגען און בערנשטיין איז די גאַנצע צייט פון פאָהרען געזעסען אַליין און געגראָבעלט זיך אין זיינע אַלע אַכט טאַשען, געזוכט אַ ניקעל

אויף צוריק צו פאהרען.. געפונען האט ער בלויז אן איינציגע פעני...

— אה, מיין גאט, — האט ער געזיפצט... — איך וועל מוזען געהן אזא מהלך צוריק צו־פוס...

ענדליך האט זיך מיראווויטש אויפגעכאפט, און ארויסקו־קענדיג צו דער פלאטפארמע צום סטיישאן, האט ער בעמערקט, אז עס איז שוין די לעצטע סטיישאן...

זיי זיינען ביידע אראפ. צו מיראווויטשעס וואוינונג איז נאך געווען א פאר בלאקס צוצוגעהן. געהענדיג, האט שוין מר. מיראווויטש ניט געשלאפען, אבער גערעדט האט ער זעהר ווענינ און בערנשטיינען האט זיך געדאכט, אז יענער האט חרטה אויף זיין איינלאדונג.

ענדליך זיינען זיי צוגעגאנגען צו א טענעמענט־הויז...

— אויף וועלכען פלאר?... — האט בערנשטיין העפליך געפרעגט...

— אויפ׳ן פיערטען... — האט מיראווויטש געענטפערט... און האט ערקלעהרט, קריכענדיג אויף די טרעפ, אז ער „גלייכט" דעם פערטען פלאר בעסער ווי די נידעריגערע, ווייל די לופט איז ריינער אין דער הויך.

בערנשטיין האט, שווער אטהעמענדיג, איהם נאכגעגעבען:

— יא... דער פערטער פלאר איז הער בעסטער... איך וואוין אויך דאס רוב אויף א פיערטען פלאר...

מיראווויטש איז געבליעבען שטעהן ביי א טיהר מיט׳ן אויפשריפט 27. אנגעקלונגען, און די טהיר האט זיך געעפענט פון אינווייניג, און א דיקע פרוי מיט צושויבערטע האר איז ענט־קעגען געקומען.

— דאס איז מיין לידי און דאס איז מר. בערנשטיין,— האט מיראווויטש פארגעשטעלט.

די „לײדי" האָט בערנשטײנ'ען אָנגעקוקט און א מורמעל געטהאָן: האַו דו יו דו, מר. בערנשטײן!... קומט ארײן אין פראָנט רום...

בערנשטײן האָט אַרײנגעהענדיג, בעטראַכט דעם רום און געזוכט עפּעס מיט די אויגען...

— וואו זײנען אײערע קינדער?... ארבײטען נאָך? — האָט ער פרײנדליך געפרעגט...

מיראַוויטש האָט א זיפץ געטהאָן. זײן פרוי נאָך איהם...

הײסט עס קײן קינדער האָבען זײ ניט, — האָט בערנשטײן פערשטאַנען נאָכ'ן זיפץ און ער האָט אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ...

נאָכ'ן סאַפּער האָט בערנשטײן גענומען קלײבען זיך צו געהן. ער האָט אָנגעהויבען גריבלען זיך אין די טאַשען. דאָס האָט ער געזוכט צו בעצאָהלען פאַר'ן סאַפּער, ווי זײן שטײגער איז.

פּלוצלונג האָט ער זיך א כאַפּ געטהאָן און זיך מאָדנע צו־לאַכט...

— וואָס געוואוינטהײט איז! — האָט ער זיך געוויצעלט פאר דער קינדערלאָזער פּאָר פאָלק.. — שטעלט זיך פאָר, אז איך האָב געלעגט די האַנד אין טאַש און געוואָלט בעצאָהלען... כ'האָב געמײנט, אז איך זיץ אין רעסטאָראַן...

מיסעס מיראַוויטש האָט זיך געסטאַרעט צו שמײכלען וואָס עס איז איהר שווערליך אָנגעקומען, און מר. מיראַוויטש האָט פאַרטאַקעוועט, אז געוואוינהײט איז די צווײטע נאַטור, אויף וואָס מיסעס מיראַוויטש האָט בעמערקט:

— אין אמעריקא איז דאָך אַלץ אין די רעסטאַראַנס... מיינער לאָזט דאָרט אויף דאָס גאַנצע געלד...

אין אַ פּיערטעל שעה אַרום האָט שוין בערנשטיין געשפּאַנט צופוס פון זיין בעזוך ביי דער פאַמיליע, מיראַוויטש. ער האָט זיך געאיילט צו קומען צו זיין קאַפּע, איידער זי וועט נאָך פערמאַכט ווערען...

# ביים שוי־פענסטער.

ליעבקינד איז אן ערנסט רענקענדער יונגער מאן; זיין געליעבטע, פלארא, איז אבער זעהר לייכטזיניג. איהר לייכטזיניגקייט האט אבער א סך חן און גראציע און ער קען קיינמאל ניטביישטעהן דעם נסיון פון איהר חנ׳עווריגער לייכטזיניגקייט. האבענדיג די העכסטע געראנקען וועגען וועלט, מענשען און לעבען, פלעגט פלארא׳ס איין קאקעטישע ווענדונג צו איהם אריינברענגען איהם צוריק אין א לייכטער בעציהונג צו אלץ. וואס ארום איז, און ער פלעגט טראכטען: מילא, זאל זיך שוין די וועלט פיהרען אהן מיר, איך וועל שוין נאכגעבען פלארא׳ן וואס זי וויל.

און וואס מיינט איהר האט פלארא געוואלט? נישט מעהר און נישט ווייניגער, ווי אריין אין מאווענפיקטשורס־פלאץ.

— פלארא, עס איז דאך נארישקייט! — פלעגט ער פרואווען זיך דאך זי אבערעדען, דערמאנענדיג זיך וועגען די סענטימענטאלע בילדער, וואס מען בעווייזט אויפ׳ן לייוועגט.

נאר פלארא גיט זיך חנ׳עווריג א קרים, בלאזט זיך אן און מורמעלט, דריקענדיג זיך קאקעטיש צו זיין אקסעל:

— יא, יא, נארישקייטען. ביי דיר איז אלץ נארישקייטען. איך רענק ניט זיין אזוי ערנסט. ווי דו. זיך דיר, אויב דו ווילסט אז אנדערע...

און כאטש די לעצטע דראהונג איז געווען א געמאכטע און ליבקינד האט עס גוט געוואוסט, דאך פלעגט עס אויף איהם מאכען אן איינדרוק און ער פלעגט זאגען ווייך:

— שא, פלארעלע, שא! צוליעב דעם וועל איך קיין אנ־דערע ניט זוכען... קום אריין, דא איז מאקע שעהנע בילדער..

— האב איך דיך מאקע ליעב! — פלעגט פלארא לוסטיג ווערען, און זי פלעגט אננעהמען איהר ערנסט דענקענדען ליעב־קינד'ען פעסטער אונטער'ן ארים און איהם צופיהרען צו דער קאסע.

גענומען צוויי טיקעטס, פלעגט ליעבקינד אריינגעהענדיג אינוועניג זיך וועלען זעצען ביי די לעצטע רייהען. פלארא אבער פלעגט זיך לאזען ווייטער, ווייטער.

— וואוהין, פלארא, וואוהין פליהסטו? פון ווייטען איז בעסער. פון נאהענטען שאדט די אויגען...

— איך וויל ניט! — פלעגט זי זיך ווארפען קאפּעטיש,— זעהסטו ניט, אז היינט שפּיעלט דא אין די בילדער קאסטעלא, מיין ליעבלינג... איך וויל איהם זעהן נאהענט...

און ליעבקינד, וועלכער ווייס די שעדליכקייט פון דער נא־הענטקייט פאר די אויגען, מוז זיך זעצען אין די ערשטע ריי־הען.

נאך די מופּענפּיקטשורס וויל ליעבקינד אביסעל שפּאצי־רען אין די שטילע, רוהיגע גאסען. פלארא אבער וויל דוקא אויף בראדוויי.

— איך האס די דאזיגע טויטע סטריטען, — זאגט זי ביין. באלד אבער ווערט זי גוט און פאנגט אן:

— קום, מיין ליעבער, אויף בראדוויי. דארטען איז אזוי פרעהליך. די ליכט... אזוי ווי א גרויסער יום־טוב...

אך, פלארא, דו ווילסט אלץ יום־טוב. עס איז דאך דא 6 טעג א וואך... — פּרואווט ליעבקינד אריינווארפען אן ערנס־טע פראזע...

אבער פלארא האקט איהם אב:

— נישט רעד מיר פון וואך. דאס גאנצע לעבען דארף

זיין בלויז א יום־טוב, ווען ניט, וויל איך נישט דיך און דאס לעבען...

ליעבקינד ווערט ענטציקט פון איהר גרויסער לעבענס־לוסטיגקייט. „עס איז אויך אן אנשויאונג!“ טראכט ער צו־פרידען און לאזט זיך פיהרען פון זיין פלארא אין די רייכע סטריטען.

אריינגעהענדיג אין יענער טהייל פון בראדוויי, וואו די גרויסע געשעפטען פאנגען זיך אן, פערגעסט פלארא, אז זי געהט מיט ליעבקינד'ן. איהר גאנצעס וועזען איז אריינגעטהאן אין די שויפענסטער, און באלד גיט זי זיך א כאפ:

— אוי, ליעבקינד, זעה!

און נישט ערווארטענדיג קיין ענטפער פון איהם, שלעפט זי איהם צו צו א פענסטער, וועלכע איז אויסגעהאנגען פון אויבען ביז אראב מיט דרעסעס און מאנטלען.

— א „סייל“! — רופט זי אויס ענטציקט. — זעה, ליעבקינד, ווי ביליג!

ליעבקינד פיהלט זיך ווי פערלארען. אויך געהען איהם אן די קליידער מיט די מאנטלען, ווען ער וויים זיכער, אז קויפען דארף פלארא גאר נישט...

— קום, פלארא, קום! רופט ער זי...

— קום, פלארא, קום! — קרימט זי זיך חנ'עוודיג. — זעה וואס פאר א שעהנע דרעס, זיעבען דאלאר מיט אכט און ניינציג סענט...

— גנבים! — שרייט ליעבקינד אוים בייז. — עס איז דאך אכט דאלאר. צוליעב צוויי סענט ווערט ביי זיי זיעבען דאלאר. אט אזוי בלאפט מען דעם עולם.

פלארא פערטהיידיגט אבער די ביזנעס־לייט.

— זיעבען דאלאר מיט אכט און ניינציג סענט איז טאקע ניט אכט... עס איז טאקע זיעבען, פערשטעהסט... ליעבקינד, קוק!... — ווארפט זי זיך אויף אן אנדער קלייד, — אט די

דרעם איז גרויסארטיג. עכטער זייד! ביזט א מבין, ווי שעהן זי ליעגט! זעה אונטען!

— אבער, פלארא, איך האב נישט קיין געדולד דערצו!— בעט זיך ליעבקינד רחמים, — וואס געהען מיר אן די קליידער?

— ביזט א נאר! — האלט זיך פלארא ביי איהרס. — מען דארף אלע מאל זעהן פרייזען... עס קומט צוגיץ... זעהסט אט די דרעס. קוק אויבען... זעה ווי שעהן. פינף דאלאר... מיין גאט, ווי איז עס מעגליך...

— עס איז דאך מיט אכט און נײנציג סענט... — כאפט ליעבקינד ווײדער דעם בלאף...

— ביזט א נארעלע! — ווערט פלארא גוט געשטימט.— דאס קלייד איז א מציאה פופצעהן דאלאר. און דו רעכענסט די אכט און נײנציג סענט...

— אבער, פלארא, — ווערט דער ערנסטער ליעבקינד אונ־געדולדיגער, — קום שוין... וויפיעל איז דער שיעור?

— ווארט. אט נאר דעם מאנטעל בעטראכטען... זעהסט... דאס איז דער נייער סטייל... געפעלט דיר?

— איך ווייס ניט... — ענטפערט ער מיט רוגזא... — נאר פלארא טרעט נישט אב ביז ער זאגט, אז יא: עס געפעלט איהם זעהר, א הערליכער סטייל...

— ביזטו טאקע א נאר און פערשטעהסט ניט, — זידעלט זי איהם נוטמוטהיג, — דער סטייל איז פאר מעדיסאן סטרים. אט זעה דעם מאנטעל, אויבען... נו, אדרבא, דער געפעלט דיר?...

ליעבקינד בעטראכט איהם און ס'געפעלט איהם ווײדער. ער האט אבער שוין מורא, ער זאל ניט דורכפאלען, ענטפערט ער:

— ניין, זעהר א פראסטער סטייל...

— אט ביזטו מיר א מבין! — מאכט פלארא חוזק — דאס איז דאך זעהר שעהן... אויף פינפטע עווענױ האב איך שוין עטליכע רייכע לײדיעס געזעהן אין דעם מאנטעל: צוועלף דא־

לאר... ווייסט, ליעבקינד, אז עס איז ניט זעהר טהייער...

— ווירקליך... — מורמעלט ליעבקינד ארויס, אבי אב־טשעפּען זיך... און ער הויבט זיך אָן בעטען רחמים.

— קום שוין, פלארא, קום! האסט דאָך שוין אלץ בע־קוקט...

— איין מינוט, — ענטפערט זי שטארק בעגייסטערט פון די פיעלע אויסגעהאנגענע קליידער און מאנטלען. זי ווארפט נאָך שנעלע בליקען אויף דער גאנצער פענסטער און זאגט ענדליך:

— נו קום!

— דאנקען גאָט! — טראכט ליעבקינד און לאזט זיך מיט איהר געהן.

נאָר זיי געהען ניט אָב קיין צעהן טריט, ווי פלארא דער־זעהט א נייעם מאגאזין, שוין נישט פון קליידער, נאָר פון העטס.

— איין מינוט, ליעבקינד, קום צו... איך וויל נאָר בע־טראכטען אָט דעם העט... און נישט ערוואַרטענדיג פון איהם קיין יא, שלעפּט זי איהם צו צום שויפענסטער...

— ווי געפעלט דיר, ליעבקינד, דער העט...

— זעהר... גרויסארטיג!

— ביזט א נאר! — זידעלט זי, וואס ער האט ניט קיין געשמאק. — דער העט איז צו פרעך! דער פעדער אליין איז טאקע שעהן, אבער דער פאסאָן איז אבשייליך...

— איך האב טאקע געמיינט, אז בלויז דער פעדער איז שעהן...

— אויב אזוי, ביזטו גערעכט... — ענטפערט פלארא פער־טראַגען מיט די איבעריגע העטס, וועלכע זי האלט אין איין בע־טראכטען. — אָט זעה! — שרייט זי אויס — זעה יענע קליינע העטקע, וואס זאגסטו?...

— איך ווייס ניט! — האלט ליעבקינד ענדליך ניט אויס.

— ניין! איך וויל דו זאלסט מיר זאגען, — שפארט זי זיך קאקעטיש איין.

דער ערנסט־דענקענדער ליעבקינד קען וויעדער נישט ביי־שטעהן דעם נסיון פון איהר לייכטזיניגען חן און ער ענטפערט:

— יא, דער העט געפעלט מיר...

— איצט האסטו געטראפען — לויבט זי איהם. — מיר געפעלט ער אויך.

— נו, טא קום שוין! — בעט ער זיך.

דאס ערגסטע אבער איז ביי'ן מאגאזין פון וועש...

— פלארא, איך שעהם מיך... — ווערט ער רויט.

— ביזט א נאר... וואס שעהמסטו זיך?... זעהסט דארט אויבען די העמד?... זעה ווי שעהן געהאפטען... איין דאלאר זיעבעצעהן סענט... ווערטה?

— דערויף בין איך קיין מבין ניט, — זאגט ער מיט כעס.

— ווייל דו ביזט א נארעלע, — פליסטערט זי איהם אריין אין אויער און קוקט איהם נאכדעם אן מיט שעלמישע בלי־קען...

און ליעבקינד קען וויעדער דעם נסיון ניט פערטראגען און זאגט מבינות אויף די העמדער.

אין הארצען אבער נאגט איהם דער געוויסען:

— אז ערנסטער מענש ביזטו און גיסט זיך אב מיט ווייבערשע וועש!... שעהם זיך! — און ליעבקינד שעהמט זיך טאקע פאר זיך אליין, פאר דער גאנצער גאס, פאר אלע דורכ־געהענדע.

אבער פלארא שטעהט א בעגייסטערטע ביי'ן פענסטער און קען ניט אבורייסען די אויגען פון די פערשיעדענע העמדער. און

אלע ווײלע רײסט זי איבער ליעבקינד'ען פון זײנע ערנסטע גע־
דאנקען:

— ליעבקינד, בעטראכט נאָר אָט די איין העמד... זאָג,
געפעלט דיר?... איך וויל הערען דיין מיינונג.

און ליעבקינד זאָגט ארויס זײנע מײנונגען װעגען דעם...
און שעמט זיך פאר די פארבײגעהער...

# דער בעגלייטער.

יעדע נייע בעקאנטשאפט מיט א מיידעל האט עהרליך'ן נעגעבען א געוויסע איליוזיע. ביי'ן בעקענען זיך האט זיין גוט־מוטהיגער פנים געשטראהלט. די צוויי מענליכע טיעפע קניי־טשען ביי די זייטען פון די באקען, זיינען ווי קלענער און פלא־כער געווארען. דער שמייכעל ארום די ליפע והאט אויסגע־דריקט זעליגקייט און האפענונג אויף אונבעשטימטען גליק.

ער האט זיי ליעב געהאט — די דאזיגע מיידלעך מיט די שווארצע אויגען, זעלטען מיט די בלויע; מיט די שווארצע האר — זעלטען מיט די בלאנדע; ליעב געהאט און געווען גרייט געהן פאר זיי אין פייער און אין וואסער.

און עס איז ווירקליך אויסגעקומען א סך צו טהאן פאר יעדע נייע בעקאנטשאפט. פערזארגען מיט א בילעט אויף א קאנצערט איז אויך ניט אזוי גרינג, אבער א בילעט אין דער אפערא, ווען דער גרויסער טענאר זינגער טרעט אויף איז פער־בונדען מיט שוועריגקייט. קומט א בעריהמטהייט און די בילע־טען ווערען צוכאפט מיט 4 וואכען בעפאר, איידער עהרליך האט נאר געוואוסט אז אזא איז געקומען. פיהלט ער זיך ווי שולדיג. ער האט זיך בעקענט מיט בערטען, אזא ליעבע מיידעל, און זי וויל געהן הערען די בעריהמטהייט. מען מוז בעקומען פאר איהר א בילעט. ער יאגט זיך ארום פון איין פלאץ צום צווייטען, פון איין ספעקולאטאר צום צווייטען: גאט זיי דאנק — ער האט געקראגען. א שאד, צוויי פערשיעדענע בילעטען, זיצען צוזאמען מיט איהר וועט ער ניט קענען. זי וועט זיצען אויף דער ערשטער און ער אויף דער צווייטער באלקאני. זי אין צענטער און ער אין

א זייט. אבער דאָס אָרט איהם שוין ניט, פערקעהרט. ער איז נאָך צופריעדען, וואָס זי וועט האָבען דעם גוטען פּלאַץ און ער וועט צוליעב איהר מוזען אַבקומען. עס איז אנגענעהם אפּצו־קומען, צו ליידען פאַר דער, וועלכער מען איז איבערגעגעבען.

די הויפּט זאַך איז דאָס טרעפען זיך, דאָס געהן צוזאַמען. אמאָל בלויז זייט ביי זייט, אמאָל האַנד אין האַנד... עס איז אנגענעהם. דאָס מיידעל, א פרעהליכע און א גליקליכע, שמיי־כעלט אין גאַנג און לאַכט. דאָס רוב מיידלעך לאַכען שעהן. עהרליך האָט ליעב צו הערען ווי מיידלאַך לאַכען. עס גיט איהם גענוס, כאָטש ווען זיי ווערען טרויעריג האָט ער נאָך ליעבער. דאמאָלסט קוקען זייערע אויגען אַזוי ווייט, אזש צום גן־עדן, וואו זייער מוטער חוה האָט פערלוירען דאָס גליק און עס דאַכט זיך, אז זיי האָבען נאָך אלץ געוויסענביסע...

אבער זעלטען ווערען זיי טרויעריג. עהרליך האָט גליק צו פרעהליכע, יונגע, גוטגעשטימטע מיידלעך.

זיצט ער אויף דער צווייטער באַלקאָני, אין א זייט און קוקט אראָב. ניט צו דער סצענע, חלילה, נאָר אהין, וואו דאָס מיי־דעל זיינס זיצט. ער איז פערזאָרגט, צי האָט זי א גוטען פּלאַץ, צי פיהלט זי זיך בעקוועם, צי פערשטעלט איהר ניט ווער עס איז מיט א צו גרויסען קאָפּ. געפינט ער אויס, אז די אלע הינדער־ניסען זיינען ניטאָ, איז ער גליקליך און ער זיצט אויף זיין אונבעקוועמען פּלאַץ און וואַרט אויף דער ענדע צו טרעפען זיך מיט איהר און אפּפיהרען זי אהיים.

דאָס אבפיהרען א היים איז שוין ניט אזאַ פרעהליכע מי־סיע. דאָס רוב וואָהנען זיי ווייט. די שטאָדט איז גרויס און קיין נאָהענט איז גאָר ניטאָ. אנקומענדיג צום הויז, וואו דאָס מיי־דעל געפינט איהר רוה, בלייבט ער שטעהן ביי'ן שוועל. זי שמייכעלט איהם אַזוי פריינדליך און דאַנקט איהם.

— אך, פאַר וואָס דאַנקט איהר מיר? ווערט ער געריהרט — אין גענענטייל, עס איז געוועזען זעהר אנגענעהם.

עס איז איהם שווער אוועקצוגעהן. אייגענטליך דארף ער זי ניט לאזען אליין ארויף אויף די טרעפ. עס איז שוין שפעט. ווער ווייס, ווער אין קארידאר לויערט אויף איהר.

— איך וועל אייך ארויפפיהרען ביז צו אייער טהיר.

— אך, צו וואס... איז דאס מיידעל נאך מעהר דאנקבאר— קיינער וועט מיר ניט טשעפען. איך דאנק אייך.

און זי דריקט איהם ווארים די האנד און דאנקט איהם אב פאר אלעס.

ער לאזט זיך געהן צוריק איינער אליין. עס איז שוין שפעט. אויף די גאסען איז שוין שטיל. וואו ניט וואו געהט נאך דורך א פערשפעטיגט פארל. אנפאנגס איז ער דעם „ער" מקנא. אבער באלד דערמאהנט ער זיך, אז אט מיט צעהן מינוט צוריק איז ער דאך אויך אזוי געגאנגען מיט א „זי" און יעצט איז ער איינער אליין. מיט יענעם וועט באלד אויך פאסירען אזוי. בע־גלייטען ביז'ן טיהר און וועט זיך לאזען אן איינזאמער צוריק...

און ארייננטראכטענדיג זיך אין דער ראזיגער פראגע, האט ער נאך א לאנגע צייט פון אויסנעהמען און בעגלייטען, דער־פיהלט א בעליידיגונגס־געפיהל און זיין הארץ האט אלץ שטאר־קער און שטארקער פראטעסטירט.

— מיין גאט! עס מוז דאך נעהמען אן ענדע די בעגליי־טענישען — האט ער פון זיך אליין חוזק געמאכט, קומענדיג צו זיך אהיים א מיעדער פון לאנגען וועג, וואס ער האט אין פער־לויף פון אבענד דורכגעמאכט!

— שטענדיג ביז'ן טיהר! האט ער העפטיגער פראטעס־טירט — איך בין זיכער, אז זי מאכט פון מיר נאכדעם חוזק.

און וואס מעהר ער האט זיך פארגעשטעלט די לאגע, אלץ קאמישער האט ער זיך דערזעהן און דאס מיידעל וואס ער האט בעגלייט ערגעץ אין א פערוואָרפענע גאס האט ער געזעהן אלץ מעהר אין אן אפלאכענדיג געשטאלט.

דער פּראָטעסט האָט דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט. עס איז גראָד געווען א קאַלטע ווינטער נאַכט. דער פּראָסט האָט געשטאָכען ווי מיט נאָדלען. געהענדיג ביי דער זייט פון א נייער מיידעל, וועלכע ער האָט בעגלייט פון עפּעס א באַלל, האָט ער ניט געפונען קיין וואָרט וואָס צו זאָגען איהר.

— וואָס זייט איהר אזוי פערטיעפט? — האָט איהם דאָס מיידעל א פרעג געטהאָן...

— הם... פערטיעפט... האָט ער ווי מיט איראָניע איבערגע־פרעגט. און א שמייכעל טהוענדיג האָט ער צוגעגעבען:

— איך טראַכט, אז איהר פרויען נאַרט אונז שטענדיג אוים.

— מיר — אייך? — האָט זי זיך אנגעכאַפּט פון דעם נייעם בליק אויף פרויען. מיר דאַכט פּונקט פערקעהרט....

זיי זיינען ענדליך צוגעקומען צום הויז. זי האָט זיך גע־גרייט צו זעגענען.

— אַט זעהט איהר! — האָט עהרליך ווי טריאומפירט... הייסט עס ניט אויסגענאַרט.

אין זיינע אויגען האָט זיך בעוויעזען א נייער שמייכעל.

— וואָס מיינט איהר? — האָט זי איהם נייגעריג גע־פרעגט.

— איך מיין, אז אין דעם בעגלייטען א מיידעל ביז׳ן טיהר שטעקט א סך קאָמישעס... דער מאַן פיהלט זיך עפּעס בעליי־דיגט...

זי האָט זיך פערטראַכט.

— וואָס דען האָט איהר געוואָלט?... — האָט זי ענדליך ווי מיט אן אנטייל געפרעגט.

— איך מיין... געוואָלט... האָט עהרליך אנגעהויבען שטאַמ־לען... נאַטירליך, עס זיינען דאָ געוויסע געזעצען, בעגרענצוג־גען... אבער דאָס מיידעל וועלכע דער מאַן בעגלייט דאַרף זיך דאָך אמאָל פערטראַכטען: אפשר פיהלט זיך דער מאַן בעליי־

דינט; בעגלייט זי ביז'ן טיהר און נאכדעם געה ווי אן אב־
געריסענער נאר צוריק...

— אך, איהר ווילט ארויפגעהן! מיט'ן גרעסטען פערגנע־
ניגען! — האט זיך דאס מיידעל אנגעכאפט — עס איז נאך
ניט שפעט, איך קען מאכען טהעע און מיר וועלען אביסעל
פלוידערען...

— אביסעל פלויערערן פערשטעה איך! האט זיך עהר־
ליך געוויצעלט און האט דערפיהלט א דאנקבארקייט צו איהר
פאר איהר אפענהערציגקייט. זי האט אין גאנצען איהם ווי אב־
געקויפט דערמיט.

ער איז נאכגעגאנגען אויף די טרעפ, ווי א הונגעריג אינ־
געל, וואס געהט נאך די מאמע, וועלכע פיהרט איהם פון גאס
אין שטוב ארויף צו געבען עפעס עסען.

אריינפיהרענדיג איהם אין איהר צימער, האט זי גלייך
אנגעצונדען די גאז. עהרליך האט זיך באלד דערפיהלט אין א
געהויבענער שטימונג. דאס בעט איז געווען אזוי זויבער און
זארגפעלטיג פארבעט, די גארדין אויף דער פענסטער אזוי גע־
היימניספול אראפעגלאזט און פון גאנצען צימערל האט גע־
וועהט מיט רוהיגקייט, גליק און אינטימיטעט.

— זעצט זיך, עהרליך. איך וועל מאכען טהעע.

איהרע ווערטער האבען אפגעקלונגען אין צימער ווי פון א
ווייטען לאנד. אבער עהרליך האט זיך קיין מאל ניט געפיהלט
אזוי דערווארימט ווי איצטער.

אז די טהעע איז פערטיג געווארען, האט דאס מיידעל אנ־
געגאסען צוויי גלעזער טהעע, איהם אוועקגעשטעלט די ערש־
טע, זיך גענומען די צווייטע, זיך אוועקגעזעצט נעבען איהם
און אריינקוקענדיג איהם מיט א פריינדליכען שמייכעל, האט
זי געזאגט:

— הייסט עס, גנב, ביז'ן טיהר אונז בעגלייטען איז אייך
שוין נמאס געווארען.

— כמעט... האָט ער צוריק געשמייכעלט...

— זייט איהר ניט הונגעריג? — האָט זי זיך פּלוצים גע־כאַפּט — איך קען אייך געבען אַ פּוטער־ברויט...

און אַז די צוויי פּוטער־ברויטס זיינען פערטיג געוואָרען האָט זי ווידער געפרעגט:

— הייסט עס, אַז איהר האָט צו אונז טענות...

— יאָ... האָט עהרליך ערנסט געענטפערט — איהר פער־שטעהט, עס מוז דאָך נעהמען אַ סוף... שטעלט זיך פאָר, אַז מיין גאַנץ לעבען, איך מיין זייט איך בין פון אַ אינגעל אַ מאַן גע־וואָרען, האָב איך יעדעס מיידעל בעגלייט בלויז ביז'ן טיהר...

— נו, ווער האָט אייך געהייסען זיין אַ עגאָאיסט?... האָט זיך דאָס מיידעל גערויטעלט..

עהרליך האָט ניט פערשטאַנען...

— וואָס מיינט איהר אַז עגאָאיסט... פּונקט קאַפּויר. עגאָ־איסטקעס זיינען די מיידלעך.

— ניין! — איז דאָס מיידעל ערנסט געוואָרען — איהר זייט דער עגאָאיסט!

— ווי אַזוי? — האָט עהרליך ניט פערשטאַנען.

— איך מיין, אַז איהר ווילט אימער פריי זיין... איך וועל דאָך ניט גלויבען, אַז איהר זייט אַזאַ פערדאַרבענער מענש צו וועלען יעדע מיידעל בעגלייטען און אריין געהן צו איהר נאָכ־הער אין צימער... דאָס וואָלט דאָך געווען שרעקליך. אַזאַ מענ־שען, וואָלט איך קיין מאָל ניט ערלויבט מיך צו בעגלייטען.

— נאַטירליך... האָט עהרליך געגען זיין מיינונג אויסגע־שטאַמעלט...

— איך פערשטעה... הייסט עס, אַז יענע אַלע מיידלעך וואָס איהר האָט בעגלייט בלויז ביז'ן טיהר זיינען געווען סתם בעקאַנטע...

— געוויס...

— איהר דארפט דאך פערשטעהן, אז איך וואלט אויך ניט געוואגט אייך ארויפצונעהמען צו מיר, ווען איך וואלט ניט געפיהלט אייער ערנסטע בעציהונג צו מיר...

„זי געהט צו ווייט" — האט עהרליך זיך אביסעל דער־שראקען...

— דער וואס בעגלייט דאס מיידעל אין צימער אריין, איז ניט סתם קיין בעקאנטער... ווי מיינט איהר... האט זי ווייטער נעפרעדיגט.

עהרליך'ען האט בעשלאגען א קאלטער שוויים... ער האט אבער געפיהלט זיך געצוואונגען צו נאכגעבען.

— געוויס... דער איז שוין א נאהענטער מענש...

— אזוינס קען מען ערלויבען בלויז א חתן... האט דאס מיידעל מיט א גליקליכען שמייכעל ארויסגעזאגט איהר ענד־געראנק און האט זיך צוגערוקט נעהענטער צו עהרליך'ען.

עהרליך האט זיך פאר דער ראזיגער נאהענטקייט דער־שראקען. אזוי פלוצלונג א חתן ווערען האט ער זיך ניט גע־ריכט... ער האט זיך געוואלט אברוקען אביסעל און פארבעריי־טען זיך צום אוועקגעהן. אבער אוים העפליכקייט האט ער זי אנגענומען פאר דער האנד...

זי האט זיין האנד אריינגעכאפט אין איהרע ווארימע הענד, שטארק געדריקט און געפליסטערט:

— א, מיין ליעבער עהרליך, איהר זיינט אזא פיינער! איך בין אזוי גליקליך, אזוי גליקליך! אפשר ווילסטו — האט זי פלוצים אנגעהויבען אויף דו — אפשר ווילסטו נאך א גלאז טהעע...

און ווערענדיג צוטומעלט פון אונערוווארטעטען אונגליק, האט ער געענטפערט:

— יא!... איך וויל...

# קליינע ערצעהלונגען.

## 1.

## דער ריכטיגער גריס.

אנגעהויבען שפיעלען אויף דער ביהנע האט ער אין דער פריהער יוגענד זיינער. ער איז געווען פרעהליך, פריש און מונטער. אבער זיין טאלאנט אלס שוישפיעלער איז בעשטאנען אין ראלען פון אלטע מענשען. פערשטעלען זיך פאר אן „אל־טען“ איז איהם אנגעקומען זעהר שווער. אין זיין צימער׳ל הינ־טער די קוליסען פלעגט ער נוצען אלערליי פארבען, אלערליי בערד און אלערליי פארוקען. ער פלעגט מוזען קומען מיט צוויי שעה פריהער איידער דאס שפיעלען פאנגט זיך אן, ביז איהם פלעגט געלינגען פערדעקען זיין יוגענד. אט איז ער שוין, דאכט זיך, פארטיג — א פאלקאמענער זקן. אבער אט כאפט ער זיך, אז די צוויי רייהען ווייסע צייהן גיבען ארויס זיין יוגענד און ער נעהמט זיך צו די שווארצע פארב בעשמירען די פארערשטע צייהן, עס זאל אויסקוקען, ווי זיי פעהלען איהם.

אריינקוקענדיג אין קליינעם שפיגעלע, וואס האט זיך גע־פונען אין זיין גארדעראב־צימערל און דערזעהענדיג זיך, אלס אן עכטען אלטען, פלעגט ער זיך פיהלען גליקליך און בעפריי־דיגט. איהם האט, הייסט עס, געלונגען נאכצומאכען די אלט־קייט. אן עכטער ארטיסט.

דאן פלעגט ער זיך פרואווען דורכגעהן און מאכען פראבע מיט דעם גאנג. ער פלעגט די פלייצע איינבויגען אראב, די פיס בעוועגען לאנגזאם און שטעלען קליינע אבגעהאקטע טריט, ווי

יעדער טריט מאכען וואלט איהם אנגעקומען מיט גרויס מיה. און אז אויך דאס פלעגט איהם געלינגען, פלעגט ער זיין אין זיבעטען הימעל פאר גליק. ער האט בעזיעגט די יוגענד, וועלכע וואלט איהם געשטערט אין זיין ערפאלג. און ער איז א פאלקא־מענער זקן...

אזוי זיינען די יאהרען געגאנגען און געגאנגען. פערשוואונ־דען אונבעמערקטערהייד אין שפיעלען און אין פערשטעלען זיך. ביז ער האט איינמאל זיך געכאפט, אז דאס גרימירען זיך דארף שוין ביי איהם נעהמען וועניגער צייט. האט ער זיך דער־פאר שטארק דערשראקען און האט אויף צו להכעיס דער פער־שוואונדענער יוגענד זיך נאך לענגער גרימירט און אנגעטהאן דעם סאמע גראהען פארוק...

עס זיינען אבער פערגאנגען נאך עטליכע יאהר. זיינע איי־גענע האר זיינען געווארען גראה ווי דער גראחסטער פארוק. זיין גאנג האט זיך שוין זא־ווי־זא געוואקעלט און די שטים האט געקלונגען הייזעריג אהן קיינע אנשטרענגונג.

ער ברויך זיך שוין נים צו פערשטעלען. ער האט זיך אזוי לאנג פערשטעלט, ביז ער איז אין דער ווירקליכקייט געווארען א זקן. ער קען קומען פון גאס און גלייך ארויף אויף דער ביהנע צו שפיעלען די ראלע פון אן אלטען...

וועט עס אבער הייסען געשפיעלט?...

---

2.

## דער מענש מיט'ן בלום אין לאץ.

די קאר איז געווען אנגעפאקט מיט א גראהער מענגע, וואס זיינען געפאהרען פון דער ארבייט. די וואכינקייט איז געווען אויסגעגאסען אויף די פנים'ער, קליידער און גערוהט אין די אויגען. ענג און שווער א טריט צו מאכען. אט איז די קאר שטעהן געבליבען. עס קריכען נאך מענשען. וואו ווען זיי זיך אהינטהאן? זיי שטופען זיך ווי עס איז דורך מיט די עלענבוי־

גענם און די מענגע ווערט נאך גראָהער און וואַכיגער.

נאָר אַט האָט זיך בעמערקט א מענש און אין זיין לאַץ האָט געשטעקט א פרישע בלום. די בלום איז געווען רויט און זאַפ־טיג און האָט נאָך ניט ערוואַכט פון איהר חלום, געמיינט, אַז זי איז נאָך אויפ'ן שטאָם און ניט אויף א לאַץ פון א מענשען אין א קאַר.

אַנפאַנגס האָט זי אין קאַר קיינעם ניט בעמערקט. באַלד אָבער האָט אַן אַנטקעגענדיגער פאַסאַזשיר דערזעהן דעם מענ־שען מיט דער בלום און האָט זיך פער'חידוש'ט: ווער קען עס זיין און ווי קומט ער אהער אין קאַר.

ביסלעכווייז איז די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער מענגע אין קאַר געצויגען געוואָרען אויף דעם דאָזיגען פאַר־שוין. ווער זאָל ער זיין — א רויטע פרישע בלום!

צוויי פאַסאַזשירען האָבען זיך צורעדט צווישען זיך:

— זעהט אויס, א שטיקעל משוגענער...

— איך מיין אויך אַזוי...

— פון וואַנען קען ער עס פאַהרען?...

— פון וואַנען געהט מיר ניט אָן. איך בין א בעלן צו ווי־סען וואוהין?

— ווירקליך. די קאַר געהט אין דער ריכטונג, וואו עס וואָה־נען לויטער ארבייטער.

— אָט דאָס איז דאָך מיר דער וואונדער — ער זעהט ניט אויס ווי קיין ארבייטער.

אַנדערע צוויי האָבען געמאַכט אַנדערע השערות:

— וואָס זאָגסטו אויף דעם נפש... ער מוז זיין א בוק־קי־פער.

— איך מיין — א שרייבער.

— געה, א שרייבער וועט ניט אָנשפּיעלען קיין בלום אויף א לאַץ....

— אפשר א יוניאָן־פיהרער?

— ניין! ער זעהט אויס צו ארעם...

— אפשר א סטרייקער...

— א סטרייקער — דאס לעגט זיך אויף'ן זינען. אבער ער זעהט מיר אויס צו פרעהליך...

דער געשפרעך האט זיך געפיהרט אין אן אנדער ווינקעל:

— זאל עס ניט זיין אמאל אן אקטיאר...

— ניין, דא ארום איז ערגעץ ניטא קיין טהעאטערס.

— אפשר א קאדעט... מען קען גאר ניט וויסען...

— הא... א קאדעט... ששש... אויב אזוי, לאמיר רעדען שטילער. א געפעהרליכער מענש! איך מיין אבער, אז ניט... ער זעהט אויס צו זיין א לעמעשקע...

און קיינער פון דער גראהער מענגע אין קאר האט ניט גע־קענט לעזען דאס פראבלעם:

ווער איז ער מיט דער בלום אין לאץ אין א מיטען מיט־וואך? פון וואנען פאהרט ער און וואוהין?...

---

## דאס ארעמע פנים.

ער האט זיך ענדליך ארויפגעארבייט, געווארען רייך. זיין וואוינונג האט זיך געפונען אין אן אריסטאקראטישען געגענ־ און די צימערען זיינען געווען מעבלירט אויף'ן רייכסטען און אריסטאקראטישסטען שטייגער.

אויף די ווענד זיינען געהאנגען די שעהנסטע פארטרע־טען, די גרעסטע מיוחסים פון דער וועלט: שריפטשטעלער, קינסטלער און רעגירער פון אלערליי צייטען און פון אלערליי לענדער.

ער אליין האט אויף זיך געארבייט, צו בעקומען אן אויס־זעהן פון אן אריסטאקראט. א דאנק זיינע פעהיגקייטען נאכצו־מאכען, האט עס איהם געלונגען: דאס פנים האט בעקומען א שטרענגען אויסזעהן; דער גאנג א גלייכער, א רוהיגער; די הענד זעלטען בעוועגט און אויב יא — רוהיג מיט א מאס, זיי צופיעל

ניט אויפגעהויבען און ניט צופיעל אראבגעלאזט.

דאס ווייב — די מאדאם — איהר איז עס נאך לייכטער אנגעקומען. עס האט זיך געדאכט, אז זי שטאמט פון דורות מיליאנערען און יחסנים. די קינדער — שוין געבארען אין לוקסוס און רייכקייט, האבען זיך ניט געדארפט אפילו אנשטרענגען. זיי האבען אויסגעזעהן ווי רייכע, אריסטאקראטישע קינדער ברויכען אויסזעהן; גרויסע אויגען, מאטע ווייסע געזיכטער און שטאלצע שמייכלען אויף די דינע ליפען.

נאר דער פאטער זיינער — ער האט פערשטערט דעם זוהן דאס גליק און צושטערט איהם די איליוזיע. וועלענדיג אבהיטען דאס כבוד אב, האט ער דעם ארימען טאטען אריינגענומען צו זיך אין הויז. פאר וואס ניט? — אן אלטער טאטע. בפרט נאך, אז דער טאטע איז נאך געזונד און ברויך קיין בעזונדערע אויפפאסונג ניט האבען.

אבער דאס פנים — דאס ארימע פנים! ווי אזוי ווישט מען אב די שפורען וואס די ארימקייט האט ארויפגעלעגט אויפ'ן טאטענ'ס פנים. וואס דער טאטע זאל ניט טהאן — דריקט זיך עס אב אויפ'ן פנים און יעדער אויסדרוק דערמאהנט אן דורות ארימקייט.

שמייכעלט דער טאטע, איז דאס א שמייכעל פון אן ארימאן, ווען יענער געהט צו א דערפראהרענער צו א ווארעמען אויוועו... גיט ער א זיפץ, איז דאס א זיפץ פון איינעם וואס האט דריי טעג ניט געגעסען, זאגט ער א וויץ ביים טיש און צולאכט זיך, דאכט זיך אז דאס לאכען דורות הונגעריגע אידען... אפשר ליעגט די ארימקייט אין דער בארד? ער זאל אבשערען די בארד...

— טאטע, דו מוזט ברעננען דיין בארד אלס א קרבן פאר מיין נייעם לעבען...

דער טאטע, א נכנע נאך פון אמאליגע יאהרען, האט מסכים געווען.

נאַר ווען! אַהין דער באָרד האָט ער אויסגעזעהן ווי אַן אָרימער אפיקורס אין אַ קליין שטעדטעל.

און מען האָט געדולדיג געמוזט וואַרטען עטליכע מאָנאַטען ביז די באָרד וועט צוריק אָבוואַקסען.

האָט מען בעשטעלט אַ סאַמעט רעקעל, האָט ער אין איהם אויסגעזעהן, ווי אַ שטעדטעלדיגער כלי־זמר.

עס האָט ניט געהאָלפען אין דער פריה דער זיידענער שלאַפראָק, וואָס דער טאַטע פלעגט טראָגען. פון זיידענעם שלאַפראָק האָט דעם טאַטען׳ס פנים אויסגעזעהן דערפרוירען, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס ארויס פון קאַלט וואַסער.

עס האָט ניט געהאָלפען קיין זייד און קיין סאַמעט. פון די טהייערסטע שטאָפען האָט ארויסגעקוקט פון טאַטען דאָס אָרימע פנים, כאָטש טהו זיך עפּעס!

פלעגט דער זוהן נעהמען אמאָל דעם טאַטען צו דער אָפּעראַ — אפשר וועט העלפען די אריסטאָקראַטישע אַטמאָספערע. פלעגט ער האָבען צרות, ערשטענס אין דער לאָזשע. דער „אשער" האָט ניט געגלויבט, אַז דער דאָזיגער מענשעל, מיט׳ן אָרימען פנים, זאָל זיצען אין אַ לאָזשע, און ער פלעגט רעוויזירען זיין בילעט... און אַז דער „אשער" פלעגט זיך שוין איבערצייגען, אַז דער בילעט איז אַ ריכטיגער, פלעגט ער אָנקוקען דאָס אָרימע פנים מיט ערשטוינונג און נאָכדעם אַ שמייכעל טהאָן...

איז דער טאַטע איינמאָל ניט געזונד געוואָרען און מען האָט געבראַכט דעם דאָקטאָר... דער דאָקטאָר האָט בעטראַכט דעם פּאַציענט און געפרעגט:

— איז דאָס פון אייערע הויז־משרתים...

— הם... עס איז דאָך מיין טאַטע...

— אַך... יאַ... — האָט דער דאָקטאָר זיך פערכאַפּט, אַ קוק טהוענדיג אויפ׳ן אָרימען פנים און זיך פערוואונדערט: ווי קומט דער דאָזיגער אַהער?

אויף מארגען האט דער טאטע בעקומען היץ, די באקען האבען איהם געגליהט און די אויגען זיינען געווארען גרויס און אפענער... דאס פנים איז געווארען רייכער און אנגעזעהענער...

דער זוהן האט זיך דערפרעהט... אבער די שמחה האט לאנג ניט געדויערט. אין א פאר טעג איז די היץ אבגעפאלען און אראבגעהענדיג פארנאכט פון בעט און שפאציערענדיג איבער'ן צימער האט ער אויסגעזעהן, ווי ער וואלט געקומען נאר וואס פון מרחץ — אזוי ארים האט אויסגעזעהן דאס פנים.

הייסט עס, אז די קראנקהייט האט אויך ניט געהאלפען — עס איז ניטא קיין סגולה צום טאטענ'ס פנים.

ערשט, אז דער טאטע איז אין עטליכע יאהר ארום ווידער קראנק געווארען און איז שוין פון דיעזער קראנקהייט גע־שטארבען — האט דער זוהן דערזעהן דעם טאטען אין אן אנ־דער ליכט... דער טויט האט דוקא דעם טאטען געפאסט. פון'ם ארון האט דאס פנים ארויסגעקוקט רייך און זעהר גרויסאר־טיג... אז מען האט דעם ארון ענדליך פערהאקט און איהם ארויסגעטראגען אויפ'ן וואגען מיט די צוויי שווארץ־פערפוצטע פערד, האט די פראצעסיאן אויסגעזעהן איינע פון די רייכסטע און די וואס האבען דעם געשטארבענעם ביים לעבען ניט גע־קענט, האבען זיך פארגעשטעלט אין ארון דעם שעהנסטען מאן...

# מיידעלשער שפּאס.

זי האָט קיין שלעכטס ניט געמיינט. העניע איז אַן עהר־ליכע אנשטענדיגע מיידעל. אָבער דורכשפּאַצירענדיג אויף בראָד־וויי און בעגעגענענדיג זיך מיט די רייך און שרייענד־געקליי־דעטע מיידלעך, וואָס געהען מיט פּעררישענע קעפּ און מיט קליינע טריט, ווי זייערע פיס וואָלטען געפּענטעט געווען, וואָס דאָס האָט זיי צוגעגעבען אַ געוויסען פּאַרשייטען חן, — דורכ־שפּאַצירענדיג אויף בראָדוויי אין די אַרבייטסלאָזע שעהנע טעג פון אַמעריקאַנער הערבסט — האָט העניע'ן דורכגעבליצט אַ געדאַנק, אַז אפשר...

מעהר ווי דעם אפשר האָט זי אפילו אין דעם געדאַנק נישט צוגעלאָזט. נאָר דער „אפשר" אליין האָט שוין איהר געגנוג דער־שראָקען און בעלעדיגט. פּאַרביינגעהענדיג אַ „סטאָר" מיט אַ גרויסער שויפּענסטער האָט זי בעמערקט אין דעם גלאָז, ווי איהר געזיכט ברענט פאַר חרפּה. דאָס האָט זי זיך פערשעהמט פאַר זיך אַליין.

און זי מעג זיך שעהמען! האָט זי זיך אַליין געשטראָפט. אָבער זי האָט צוריק זיך פערטיידיגט פון זיך אַליין, אַז דאָס קומט אַלץ פון דער אַרבייטסלאָזיגקייט. זי האָט זיך דערמאָהנט, וואָס זי האָט ערגיץ געלעזען, אַז ניינציג פּראָצענט פון די דאָזיגע מיידלעך זיינען געקומען דערצו פון אָרימקייט. דעמאָלט האָט זי עס ניט געגלויבט, זי האָט איהרער אַ חבר'טע איינגע'טענה'ט, אַז ווי אָרים מען זאָל ניט זיין קען מען דאָך נישט פערקויפען די ליעבע פאַר געלד.

אָבער שפּאַצירענדיג אויף בראָדוויי נאָך דעם מאָגערען דינער, וואָס זי האָט געהאַט פאַר עטליכע סענט געגעסען, האָט

זי דערפיהלט, אז עס וואלט איהר זעהר שווער געווען בייצו־שטעהן דעם נסיון, ווען עס קומט צו איהר א יונגער מאן און לעגט איהר פאר ארייננגעהן מיט איהם אט אין דעם דאזיגען רייכען רעסטאראן פון וואנען עס טראגען זיך ארויס אויף דער גאס די פרעהליכע קלאנגען פון ארקעסטער און די ריחות פון די שפייז...

נאטירליך. זי וואלט בלויז געטריבען שפאס, זי וואלט איהם אויסגענארט! זי וואלט בלויז געמאכט אן אנשטעל, אז זי איז אזא מין מיידעל. זי וואלט געלאכט הויך אויפ'ן קול, זי וואלט אפילו א ביסעל וויין געטרונקען, אבער טאקי ניט מעהר ווי א ביסעל; קוים וואלט זי דערפיהלט, אז זי הויבט אן פערליערען איהר שכל, וואלט זי זיך אויפגעהויבען און זיך אבגעזעגענט, אדער בעסער — אין גאנצען אהן א „גוד־באי" אנטלאפען און זאל ער זי זוכען! טאמער וואלט ער איהר וועלען פערהאלטען, וואלט זי זיך אנפאנגס צולאכט און נאכדעם נעענטפערט מיט ווירדע און שטאלץ:

— מיסטער! איהר האט נישט געטראפען דעם ארט!

ביי דעם דאזיגען געדאנק האט זי געשמייכעלט. זי האט אבער באלד געכאפט זיך, אז פארבייגעהענדע קוקען זי מאדנע אן. און זי האט גלייך אנגענומען אן ערנסטען אויסדרוק.

אבער ווי אזוי די דאזיגע מיידלאך געהען קאמיש! — פאלט איהר ווידער איין. — זי וואלט קיינמאל ניט געקענט אזוי געהן.

און אפשר וואלט זי אויך געקענט... עס איז כדאי צו פרו־בירען.

זי לאזט זיך געהן מיט די געוויסע קליינע טריט, דעם קאפ אין דער הויך אויפגעהויבען און דאס געזיכט שטעלט זי אן מיט א טראצינער מינע.

יע, זי קען!

זי ווערט אַליין נתפּעל פון איהר פעהיגקייט נאָכצומאַכען די דאַזיגע מיידלאַך. ווען איהר קלייד וואָלט געווען עפּעס מעהר שרייענדיג, וואָלט שוין גאַר גוט געווען.

— עס איז אייגענטליך אַזוי לייכט! — בעשליסט זי און פּרעהט זיך און שרעקט זיך, וואָס די דאַזיגע זאַך, וועלכע האָט זיך איהר אַלע מאָל פאַרגעשטעלט פאַר אַ ווייטע רעטזועלהאַפטע אונמעגליכקייט איז פּלוצים אַזוי נאָהענט און אַזוי קלאָר געוואָרען.

— אויב אַזוי איז דאָך דאָס טאַקי געפעהרליך! — דער־שרעקט זיך העניע און וויל שוין לאָזען זיך צום קאַר, פאָהרען אַ היים און ראַטעווען זיך, קוים עס איז נאָך דאָ צייט...

אָבער אַ געהיימער וואונש צו עפּיס ווייטעס און נישט אויסגעפּרואווטעס פערהאַלט זי. וואָס יאָגט זי זיך, אייגענטליך? איצט איז אויף בראָדוויי אַזוי אינטערעסאַנט, די גרויסע „סטאָרס", קאַפּע־הייזער און קאַבאַרעטען ווערען בעלויכטען פון אינווענינג און פון דרויסען מיט העלע, טאַנצענדיגע עלעק־טרישע פייערען. מענשען, ווי אַנגעקומענע פון ווייטע גליקלי־כע לענדער געהען אום הין און צוריק און זייערע אויגען ברענען מיט לוסט, בעגעהר און לעבענס־פרייד.

העניע פערגעסט אַ ווײַלע ווער זי איז און איהר דאַכט זיך, אַז זי געהערט צו די אַלע פרעהליכע און גליקליכע.

אַמ קוקט זי איינער אָן. אַנפאַנגס פערשעהמט זי זיך, אָבער באַלד כאַפּט זי זיך, אַז עס איז דאָך בלויז אַ שפּאַס און ווען אַ צווייטער קוקט זי שוין אָן, שמייכעלט זי, אָבער זי טראָגט זיך שנעל אַוועק... עס איז דאָך בלויז אַ שפּאַס...

אָבער באַלד איז זי מיעד געוואָרען, אַמ דאָ ניט ווייט איז דער קליינער סקווער, זי וועט זיך בלויז אַ ווײַלע צוזעצען און אָברוהען.

זי האָט זיך פערקירעוועט צום סקווער, האָט זיך אַוועק־געזעצט אויף אַ באַנק און געוואַרט.

באַלד האָט זיך נעבען איהר אוועקגעזעצט א רייך־געקליי־דעטער יונגער מאַן, א ספּאָרט, אַן עכטער אמעריקאַנער. איהר ברוסט האָט זיך געהויבען פאַר אויפרעגונג און ערוואַרטונג. זי פיהלט זיינע בליקען, ער וועט זיכער אַנהויבען, ער וועט פאַר־לעגען... זי וועט שפּיעלען די ראָליע פון „אזא" מין מיידעל, עס וועט זיין אַן אינטערעסאַנטע „שפּיעל".

און טאָמער לאַדט ער זי איין אויף א סאַפּער — זאָל זי געהן צי ניט?

און ענדליך בעשליסט זי, אז יאָ... אודאי.. אז שפּיעלען איז שפּיעלען... און פאַרוואָס זאָל זי איהם ניט אויסנאַרען?

זי דערפיהלט א האַס צו איהם, צו דעם רייכען צופריעדע־נעם יונגען מאַן, וועלכען עס פעהלט ניט מעהר ווי איהר יונ־גער, שעהנער קערפּער, וואָס דער שאָפּ האָט נאָך נישט בע־וויזען צו פערצעהרען אין גאַנצען. איהרע באַקען זיינען נאָך ראָזעווע. איהר בלאָהע אויגען זיינען נאָך פול מיט גלאַנץ און די בריסט פול און בעוועגענד, ווי פרוכט אויף א יונגען בוים... די עטליכע ארבייטסלאָזע וואָכען, אַבגעלעבט אין מאַנגעל און נויט, האָבען נאָך נישט געווירקט אויף איהר שעהנקייט. די יוגענד האָט עס מוטהיג אויסגעהאַלטען.

דער יונגערמאַן האָט אויף איהר געקוקט מיט בעהאַלטענע בליקען. עס איז געוועזען קענטיג, אז ער קען זיך נישט בעשליסען. זי האָט איהם אָנגעקוקט טראָציג פרעך און שעלמיש א שמייכעל געטהאַן. דאָס האָט געווירקט! דער יונגער מאַן האָט זיך צו איהר געווענדעט מיט א פרעכער אבער אין אַן איידעלער פאָרם ארויסגעזאָגטער פראַגע.

זי איז געבליבען פערווירט און האָט פאַר פערווירונג די פראַגע נישט בענומען. איין וואָרט בלויז האָט זי אויפגעכאַפּט און עס האָט איהר אויפגעשווידערט:

— ווי אזוי וואַגט ער עס: האָטעל! פּע! ער איז א גע־מיינער מענש!...

אבער באלד האט זי זיך בעהערשט און בעשלאסען ניט ארויסגעבען זיך פאר אן עהרליכע. עס איז דאך אזוי נייגעריג און אינטערעסאנט.

און זי האט מיט א שמייכעלע געענטפערט:

— ניין. אין האטעל וויל זי היינט ניט.... א צווייטען מאל מיט'ן גרעסטען פערגעניגען. איבריגענס וואוינט זי אליין אין א האטעל... היינט אבער וואלט זי געוואלט געהן אין א רייכען פרעהליכען פלאטץ און אויב ער איז אזוי פריינדליך זאל ער זי נעהמען...

— וואוהין? איז דער יונגער מאן גרייט געווען.

— צו מארטענס! — האט זי אויסגערופען.

דער יונגער מאן האט זיך פערוואונדערט:

— אין אזא רייכען פלאץ!

און ער האט מיט א שמייכעל אנגעקוקט איהרע קליידער.

העניע האט בעגריפען, אז זי האט אביסעל איבערגעכאפט די מאס. זי איז טאקי גאר נישט געניט אין אזוינע זאכען. ווי קומט זי צו מארטענס. באשר דער שאפ, וואו זי האט אמאל גע־ארבייט איז אין יענעם געגענד, ווייס זי פון דעם פלאץ. די מיידלאך פון שאפ פלעגען זיך אנדערצעהלען גאנצע לעגענדעס— קומט זי און שיסט אוים: מארטענס!

אבער ארויסגעזאגט און פערפאלען.

— איך געה בלויז צו מארטענס...

און א ווארף טהוענדיג אויפ'ן יונגען מאן א פערעכטליכען בליק האט זי זיך אויפגעהויבען און מיט א שטאלץ פון איינע וואס ווייס איהר ווירדע האט זי זיך געלאזט געהן, מיט קליינע אבער שנעלע טריט.

אריינגעהענדיג אבער אין א שטילע סטריט, וואו עס זיי־נען געשטאנען הויכע און כמורנע שעפער מיט בלינדע אויסגע־לאשענע פענסטער, האבען איהרע טריט זיך גענומען וואקלען.

אין איין שאפ האט זי מיט א יאהר צוריק געארבייט, עס

איז דעמאָלט געווען שטאַרק ביזי און מען האָט געאַרבייט „אָווערטיים"...

— א גוטע צייט געווען! — האָט זי געטראַכט און זיך פערבענקט נאָך יענעם גליקליכען סיזאָן...

ענדליך האָט העניע געפונען אַרבייט. עס איז געווען א שווערע אַרבייט. דער דעזיינער, א מענש מיט א ווילדער פאַנ־טאַזיע, האָט אויסגעטראַכט א נייעם פאַסאָן מאַנטעל. העניע האָט געהאַט פיעל אויסצושטעהן ביז זי האָט געקאָנט זיך צו־געוואָהנען צו דער נייער פאָרם. זי האָט זיך אָבער נישט בעקלאָגט. אין גאַנצן געגענטייל, נאָך עטליכע וואָכען אַרבייטסלאָ־זיגקייט האָט זי איצט די אַרבייט ליעב געקראָגען.

אַרבייטענדיג פלעגט איהר אָפט אַרויפקומען אויף'ן געדאַנק יענער עפּיזאָד מיט'ן יונגען מאַן און איהר פאָרשלאָג: צו מאָר־גענס! דערמאָהנענדיג זיך עס פלעגט זי זיך קוים איינהאַלטען זי זאָל זיך ניט צולאַכען.

אָט ווי אַזוי אַן אַרבייטער מיידעל קען זיך אַמאָל אויסרע־דען א נאַרישקייט!

— עס איז נאָך א גליק — האָט זי זיך געטרייסט, — וואָס דער יונגער מאַן איז א ווילד־פרעמדער, ער ווייסט נים ווער זי איז און קיינמאָל וועט זי איהם שוין ניט בעגעגענען. ווען ניט וואָלט זי זיך ניט געקענט ווייזען פאַר דער וועלט!

— צו מאָרגענס!

ווי אַזוי איז איהר איינגעפאַלען אַזאַ דומהייט!

אָבער אין פערלויף פון א פּאָר מאָנאַטען שווערע אַרבייט האָט זי אַן יענעם זאָנדערבאַרען און קאָמישען פאַרפאַל אין גאַנצען פערגעסען.

דער ראַזינגער שאָפּ איז געווען אַזוי ווייט פון מאָטער־נעם! דער איינציגער נאָהענטער רעסטאָראַנט וואָס איז גע־

שטאנען בשכנות מיט'ן שאפ איז געווען אזוי ארים און קליין און ביליג.

אבער אויך אין דעם רעסטאראן פלעגט זי ניט אריינגעהן. העניע האט אנגעהויבען לעבען שפארזאם און פלעגט ברענגען אין שאפ א לאנטש פון דער היים.

---

שטעהענדיג אזוי פערטיעפט אין דער ארבייט האט איינ־מאל העניע דערפיהלט, ווי עמיצער דרינגט איהר דורך מיט די בליקען. זי האט אויפגעהויבען דעם קאפ און האט דערזעהן פון פארענט פון שאפ שטעהן דעם באס מיט עפעס א סיילסמאן און שמועסען וועגען ביזנעס.

— אזעלכע פרעכע סיילסלייט! — האט זי אין געדאנק פראטעסטירט.

אבער דא האט העניע בעמערקט, אז זיין קוקען אויף איהר איז גאר פון אן אנדער ארט. עפעס קנייטשט ער צופיעל דעם שטערען, און אט האט ער זיך ווי דערמאהנט, א שמייכעל גע־טהאן צו איהר און ווי צוגעוואונקען.

העניע האט זיך שטארק בעליידיגט. ווי וואגט ער עס? אבער באלד איז צו דער בעלידיגונג צוגעקומען א געפיהל פון פער־וואונדערונג געמישט מיט שרעק:

— ווער איז ער?

זי האט איהם נאך אמאל אנגעקוקט און דאס שטיקעל שטאף, וואס זי האט געהאלטען אין האנד איז ביי איהר ארויס־געפאלען.

— העניע, וואס איז מיט אייך, וואס זייט איהר אזוי בלאס געווארען? — האט איהר געפרעגט דאס מיידעל וואס האט געארבייט ביי איהר זייט.

זי האט צושראקען געשמייכעלט און געענטפערט:

— גאר נישט... עפיס דער קאפ...

זי האט מורא געהאט אויפצוהויבען די אויגען א צוויי־

טען מאָל. אבער זי האָט זיך ניט געקענט בעהערשען און האָט פּאַרט אויפגעהויבען די אויגען.

איהר שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרען. דער סיילִיסמאַן איז שוין געשטאַנען ניט נאָר מיט'ן באָס. די באָסעווע א יונג ווייבעל מיט שוואַרצע, רוהיגע אויגען, מיט בריליאַנטענע אוי־רינגלעך און מיט שווערע רינגלעך אויף די פינגער, איז געשטאַ־נען ניט ווייט פון איהם און געבען איהר די פּאַרליידי און אלע אינאיינעם האָבען געקוקט אויף העניען, געקוקט און געשוש־קעט זיך... דער באָס מיט'ן יונגען מאַן האָבען מיט דייטליכער אַנצוהערענישען געשמייכעלט.

דאָס איז יענער יונגער מאַן! איז שוין העניע זיכער געוואָרען און די ארבייט איז איהר געפאַלען פון די הענד.

זי האָט אלע ווײלע גענומען קוקען צום זייגער, ווען וועט מען שוין קענען אוועקגעהן. עס איז דאָך אזוי מאָדנע שרעקליך. ווי אזוי האָט עס געקענט פּאַסירען? איז ער גאָר א סיילִיסמאַן און האָט דוקא ביזנעס מיט איהר באָס. ווי די וועלט איז געקניפּט און געבונדען... זי קען עס גאָר ניט בעגרייפען.

און וואָס קוקט אזוי אויף איהר די פּאַרליידי, די צנועה. עפּיס ווייס זי פון איהר גאָר ניט קיין שעהנע זאכען. פון דער דאַזיגער פּאַרליידי... וואָס־זשע געהט זי אלע ווײלע פערביי און שטעכט איהר דורך מיט די בליקען און שמייכעלט אזוי בייז.

אבער אויך די מיידלאָך אין שאָפּ, אלע קוקען אויף איהר, שושקען זיך און שמייכלען. שפּעטער א ווײלע איז נאָך די לאַגע ערגער געוואָרען. איהר איינציגע חבר'טע, וועלכע אר־בייט נעבען איהר די גאַנצע צייט, און וועלכע זי קען נאָך פון די פריהערדיגע שעפּער, איז צוגעגאַנגען צו דער פּאַרליידי און עפּעס געפּאַרערט.

און באַלד איז שוין די חבר'טע געשטאַנען און געאַרבייט אין אַן אנדער זייט. עס הייסט, איהר האָט ניט געפּאַסט צו שטעהן נאָהענט נעבען איהר, נעבען העניען...

— אזא אידיאטקע!

און העניע האט זיך דערמאהנט, אז די דאזיגע מיידעל נעהט איין ניכען חתונה האבען מיט א יונגען מאן, וועלכען זי האט גאר ניט ליעב. זי האט עס איהר אליין דערצעהלט.

— ווי אזוי־זשע נעהסטו חתונה האבען מיט אזא? — האט איהר העניע דעמאלט געפרעגט.

— ווייל ער איז א פערדיענער! — האט די חבר'טע קורץ און ציניש געענטפערט.

העניע האט איהר דעמאלט, געדענקט זי, גוט אויסגע־מוסר'ט: עס איז ניט שעהן! זעהר ניט שעהן, זי, העניע, וואלט עס קיינמאל נישט געטהאן. אבער דאך, אז יענע האט זיך צע־וויינט, אז זי קען שוין מעהר ניט ארבייטען אין די שעפער, האט זי איהר גלייך מוחל געווען און זי האט איהר אפילו געגעבען האפנונג, אז שפעטער וועט זי איהם זיכער ליעב קריגען.

און איצט בעדאנקט זי איהר אזוי. זי, העניע, האט דאך קיין שום שלעכטעס ניט געמיינט. זי האט בלויז פאר פערצווייפ־לונג געטריבען א שפאס. זי האט דאך בלויז חוזק געמאכט פון א רייכען יונגען מאן. זי וואלט זיך קיינמאל נישט פערקויפט צוליעב געלד, אדער אפילו צוליעב פערגעניגען.

העניע האט עס געוואלט ערקלערען, גוט מאכען, אבער אנ־קוקענדיג אלעמענס פנים'ער האט זי געפיהלט אז קיין ער־קלערונגען וועלען ניט העלפען.

---

ענדליך איז די ארבייט געווארען געענדיגט. העניע האט זיך געלאזט די ערשטע צום עלעווייטאר. זי האט אלעמען גע־וואלט אויסמיידען.

אבער ביים פינפטען פלאר איז אריין דער זעלבער יונגער מאן.

העניע האט זיך דערפיהלט ווי אין א פאסטקע. זי האט געוואלט שפרינגען, לויפען, ברעכען די קייטען פון עלעווייטאר

אבער דער עלעווייטאר־מאן איז דוקא געווען קאלטבלוטיג און רוהיג און האט גערודערט לאנגזאם ווי שטענדיג. זי האט בע־מערקט ווי דער סיילסמאן קוקט זי אן רוהיג, געלאסען און שמייכעלט...

איהר גאנצעם בלוט האט זיך ווי אנגעצונדען. זי האט זיך ניט געקענט בעהערשען. וואס איז ער געקומען דער דאזי־גער מענש און האט זי דא פערשווארצט? זי איז אן ארימע אונשולדיגע ארבייטער־מיידעל. זי מוז עפעס טהאן, זי מוז זיך ריינוואשען.

און זייענדיג שוין אויף דרויסען און בעמערקענדיג דעם סייליסמאנס פרעכען בליק און שמייכעל האט זי אויסגעשריען:

— וואס קוקט איהר אויף מיר אזוי, איהר מאוס׳ער מענש!

דער סייליסמאן האט זיך גראב צולאכט און נאכגעהענדיג האט ער איהר געפליסטערט:

—איהר זייט א שעהן מיידעל, איהר געפעהלט מיר, לאז־מיר זיך זעהן היינט אבענד, א זייגער ניין... אויפ׳ן זעלבען פלאץ וואו דאן, קומט! איך וועל ווארטען!

און פערנייגענדיג זיך ווי א דזשענטעלמען איז ער פער־שוואונדען.

זי האט איהם געוואלט נאכלויפען, ערקלערען דעם דאז־זיגען מאוס׳ען מענשען, אז ער איז זיך טועה, אז זי איז אן עהרליך מיידעל, ער זעהט דאך, אז זי ארבייט שווער. דעמאלס האט זי קיין ארבייט ניט געהאט איז איהר דורכגעפלויגען א געדאנק... א שפאס.

איהר אויפרעגונג איז געוואקסען און דעם גאנצען וועג האט זי געמאכט פלענער ווי אזוי עם איהם צו ערקלעהרען. זי מוז איהם געפינען און ער מוז איהר ראטעווען פון שאנד!

זי איז געקומען א היים, אריין אין איהר קליינעם צי־מערעל, וועלכעס איז געווען ניט אויפגערוימט נאך פון דער

פריה, עס האט איהר אנגענומען א שרעק און עקעל פאר אזא לעבען.

זי האט זיך גענומען אויפרוימען, אבער פאר אויפרעגונג איז איהר אלץ געפאלען פון די הענד. און וואס האט ער פון איהר געוואלט דער דאזיגער פרעמדער, אונבעקאנטער מאוס'ער מענש!

ווער איז ער?

און זי בעשליסט, אז ניין א זיינער געהט זי אהין. ער וועט דארט זיכער זיין. זי וויים עס, זי פיהלט עס, זי וועט פון איהם מאכען א בארג אש... ער האט נים געהאט קיין רעכט צו פער־שווארצען איהר די אויגען. זי קען דאך מארגען נישט געהן אין שאפ. איז וואס וועט פון איהר ווערען?... איינע אליין אין דער פרעמד, אהן פריינד און אהן א גואל...

און זי האט מיט דער גרעסטער אונגעדולד געווארט אויף האלב ניין...

ווייל א האלבע שעה וועט געדויערען אהין דער וועג...

# די געשיכטע פון צוויי קאסעס.

ענדליך איז די צוויי חבר'טעס און לאנדסמיידלעך ראזע און בערטע, געלונגען נאך א לאנגער צייט ארבייטסלאזינקייט צו געפינען ארבייט אין שאפ. בעקומענדיג די ערשטע „פיידע" זיינען זיי געווען אזוי גליקליך, אז זיי האבען געהענדיג פון שאפ, אלע ווייל די געלד ארויסגענומען, געצעהלט זיי און אמוזירט זיך מיט זיי, ווי מיט אלטע אבער שוין לאנג נים געזעהענע פריינד...

אמער אין מיטען דער שמחה איז ראזע, וואס איז געווען עלטער פאר בערטע'ן מיט א יאהר, פלוצים ערנסט געווארען. האט אויפגעהערט מיט דעם געלד צו שפיעלען זיך און האט זיך געהענדיג אנגערופען צו בערטע'ן:

— ווי וועט מען זיך איצט אן עצה געבען מיט די חובות?

בערטע איז אויך ערנסט געווארען. אבער אזוי ווי זי איז געווען איינגער און שטיפערישער האט זי זיך באלד צולאכט און געענטפערט:

— מיר וועלען מעלדען באנקראט ווי די באנקירען!

ראזע האט געשמייכעלט און זיך אנגערופען:

— די מיסעס וועט דיר ארויסווארפען.

— אך די מיסעס! די מיסעס! — האט בערטע חוזק גע־מאכט — מיר וועלען זיך ביי נאכט ארויס'גנב'נען!

אזוי שמועסענדיג זיינען זיי צוגעקומען צו א סטיישענע־רי. דורכ'ן שוי־פענסטער האבען ארויסגעקוקט פערשיעדענע שפיעלצייג און חפצים.

זיי האבען זיך געשטעלט ביים פענסטער און האבען גע־נומען בעטראכטען.

באַלד איז ראַזעס בליק געפאַלען אויף אַ קליין קאַסעלע, וואָס האָט געהאַט דעם אויפשריפט: סייווינג־באַנק, פּרייז איין דאָלאַר.
— זעהסט בערטע, דאָס קאַסעלע, דאָ זאַמעלט מען געלד... ווייסט, אַז מיר האָבען געדאַרפט אַזוינע קאַסעלעך צו קויפען.
בערטע איז פון דעם קאַסעלע גאַר ענטציקט געוואָרען. זי האָט גלייך מסכים געווען און געשלעפּט ראַזע'ן אין סטאָר.
דער סטאָר־קיפּער, אַ איד אין די מיטעלע יאָהרען, מיט אַ גוטען פּאַטערליכען אויסדריק אויפ'ן פּנים, האָט דערזעהענדי'ג די צוויי מיידלעך זיך אויפגעשטעלט און געקוקט אויף די קענדי. לויט זייער פּרעהליכער שטימונג, וואָס האָט זיך אָבגע־שפּיגעלט אויף זייערע פּנים'ער, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז דאָס זיינען קענדי־קויפערינס.
ראַזע אָבער האָט איהם גלייך געמאַכט ענדערען זיין מיי־נונג. מיט אַ פּראַקטישקייט אין טאָן, האָט זי זיך געווענדעט:
— איך האָב געוואָלט איהר זאָלט מיר געבען אַ קאַסעלע.
— און מיר אויך! — האָט בערטע ווי קינדיש נאָכגע־פּלאַפּעלט.
דער סטאָר־קיפּער איז גאָר און אַנדערער געוואָרען. זיין גו־טער פּנים האָט זיך בעדעקט מיט אַ געדיכטער צופריעדענקייט. זיינע אויגען האָבען גענומען לויכטען און ער האָט ריי־בענדיג די הענד אויסגערופען:
— אט אַזוי! אט אַזוי! שען! שען! שפּאָרען געלד איז אַ וויכטיגע זאַך! אַזוינע מיידלעך גלייך איך! וואָס דען? פאַר־שפּענדען דאָס געלד אויף נאַרישקייט! מען שפּאָרט אָב אַ צוואַנ־ציג דאָלאַר קומט עס צוניץ! אי קינדערלאַך, קומט עס צוניץ...
און וואַרפענדיג אויף די צוויי חבר'טעס אַ פריינדליכען און כמעט אַ דאַנקבאַרען בליק איז ער צוגעגאַנגען צו אַ פּאָלי־צע, אַראָבגענומען צוויי קאַסעלעך און זיי אוועקגעשטעלט פאַר די מיידלעך.
ראַזע און בערטע האָבען זיך בעטראַכט פון אַלע זייטען.

און דער קרעמער האט זיי דערווייל געהאלטען א לעקציע, ווי אזוי מען זאמעלט:

— למשל, איהר ווילט אין אבענד געהן אין מואווינג־פיק־טשורס, זיינט איהר זיך מישב, וואס וועט איהר געהן ספענ־דען אויף נארישקייט צעהן סענט, בעסער — איז ער אריינגע־פאלען אין א טאן פון א פאלקסטימליכען פאפוליאריזאטאר — בעסער וועט איהר דעם דיים אריינוואַרפען אט דא אויבען אין שפעלטעלע... איהר פערשטעהט?... ווייסט איהר, אז איהר האט צעהן סענט בעהאלטען, בעקומען צוריק קענט איהר שוין ניט... אזוי ווי אין א קבר... אבער שרעקט זיך ניט קינדערלעך... גע־שטארבען זיינען זיי ניט, גלייך נאכ'ן קלונג בעווייזט זיך, אט דא, איהר זעהט, אז אויפשריפט צעהן. ווארפט איהר אויף מארגען אריין ווייעדער צעהן סענט, פאלט עס ווייעדער אריין ווי אין א קבר... פערפאלען. בעקומען צוריק קענט איהר עס ניט... אבער דאס קעסטעלע וואייזט אייך שוין 20. עס הייסט איהר האט שוין צוואנציג סענט... און אז איהר וועט אזוי ווארפען און ווארפען א צוויי הונדערט דיימס — וועלען זיי אלע, די אלע דיימס אויפשטעהן תחית המתים. דאס קאסעלע הויבט אן פרעהליך קלינגען און עפענט זיך אויף און זיי פלי־העו אלע ארויס...

— גאנצע צוויי הונדערט דיימס! — האט זי בערטע קינדיש גע'חדוש'ט!

— קיין איינע וועט ניט פעהלען! — האט דער סטאר־קיפער פערזיכערט.

און די צוויי מיידלעך האבען געקויפט די צוויי קאסעלעך און מיט ראזעווע פאנטאזיעס ווענען א רייכער צוקונפט זיינען זיי ארויס פון סטאר, האלטענדיג יעדערע איהר קאסעלע פעסט אונטער'ן ארים!...

אין פערלויף פון צוויי וואכען האט זיך ביי ראזען אין

קאַסעלע אַנגעזאַמעלט 60 סענט. ביי בערטע׳ן אָבער איז אין קאַסעלע געווען בלויז 40 סענט.

בערטע האָט אָבער געהאָפט, אַז איהר קאַסעלע וועט ראַ־זעס שפּעטער אריבעריאָגען. זי וועט בלויז א פּאָר טעג ניט געהן אין מואווינג־פּיקטשורס, אדער זי וועט ניט עסען עטליכע טעג קיין בייקט־עפּעל מיט קרים ביי טשיילדס, און טאקע וואָס דאַרף זי די בייקט־עפּעל? און אפשר די בייקט־עפּעל וועט זי יאָ עסען, אבער די קרים... די קרים איז איינגאַנצען איבעריג...

און ווער וויים, צו וואָלט בערטע׳ס קאַסעלע ענדליך טאקע ניט איבערגעיאָגט ראָזעס, ווען פּלוצים (אַלץ טרעפט די ראָזיגע צוויי מיידלעך פּלוצים!) וואָלט דער באָס פון שאָפּ ניט גע־מאָלדען, אַז עס איז ניטאָ מעהר קיין ארבייט.

און די צוויי מיידלעך האָבען דעם געדאַנק ווענען אַנזאַמ־לען צו צוואָנציג דאָלאַר געמוזט אויפגעבען אויף אַן אונבע־שטימטער צייט.

טריבע און פּערשעמטע זיינען די צוויי קאַסעלעך געשטאַ־נען אויף׳ן קאַסטען און דיביידע אויפשריפטען 40 און 60 האָבען אויסגעזעהן ווי א קורצער נוסח אויף אָרימע קברים...

און איינמאָל זיצענדיג אזוי אין רומקע אָהן א סענט געלד האָט בערטע אַנגעקוקט די צוויי קאַסעלעך און זיך צולאַכט...

— וואָס עפּעס איז מיטען דערינען? — האָט ראָזע, וועל־כע איז פאר דער לעצטער צייט נערוועז געוואָרען, מיט כעס געפּרעגט.

— איך האָב מיך דערמאָהנט אַן דעם סטאַר־קיפּער, ווי אזוי ער האָט אונז דערקלערט, ווי אַלע די דיימס וועלען אויפ־שטעהן תחית המתים... חי—חי—חי!

זי האָט זיך געוואָרפען־פאַר געלעכטער...

ראָזע האָט זיך ענדליך אויך צולאַכט, געקוקט אויף די קאַסעלעך און פּעסימיסטיש געברומט:

— איך גלויב שוין ניט אין תחית המתים!

אבער בערטע, וועלכע איז געווען אינגער און דערפאר אפּ־טימיסטישער האָט זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאנגען צו ראָזעס קאסעלע מיט'ן שטאַלצען אויפשריפט 60 און געזאָגט לאַכענ־דיג, אבער געגוג ערנסט:

— צו וואָס דארפען מיר צוויי קברים'לעך?... לאָמיר איין קבר'ל עפענען און זעהן זיך מיט די ליעבע מתים'לעך...

ראָזע האָט ניט פערשטאַנען, האָט פערוואונדערט אָנגע־קוקט בערטען און געפרעגט:

— ווי אזוי?... עס מוז זיך דאָך אנזאמלען צוואנציג דאָ־לער...

— ווייס איך וואָס... האָט בערטע גע'חוזק'ט... צוואנציג דאָלאר איז נאָר אויף דער וועלט ניטאָ... איך מיין, אז מען דארף זעהן ארויסבעקומען די זעכציג סענט און געהן עסען סאַפּער...

— ווי אזוי אבער? — האָט ראָזע געפרעגט און אין האר־צען שוין מודה געווען, אז א גוטע זאך וואָלט דאָס געווען.

— מיר וועלען דיין קאסעלע צוברעכען... האָט בערטע קאַלט געמאָלדען...

— ביזט משוגע?...

— ניין! איך בין הונגעריג... האָט בערטע זיך געווי־צעלט...

— נו, נו... האָט ראָזע מסכים געווען... ארבא ווייז א קונץ...

— איך וואָלט איצט געקענט אפילו אמת'ע קאסעס ברע־כען!... האָט בערטע בייז גערעדט.

און האָט זיך גענומען צו דער זעכציג סענטיגער קאסעלע מיט אלערליי געציינגען, וואָס האָבען זיך געפונען אין צימעריל: מיט'ן מעסער, שערעלע און זאָגאר מיט א ניקעלנער לעפעל...

דאָס קאסעלע האָט זיך ניט געלאָזט... זי האָט איהרע זעקס קרבנות, די זעקס דיימס ניט געוואָלט בשום אופן ארויסגעבען...

אבער בערטע איז אויף אן אמת בייז געווארען און האט געברומט:

— א, איך וועל אייך בעקומען!...

און האט גענומען קלאפען און ברעכען אויף וואס די וועלט שטעהט. אין צימער איז פארגעקומען א קאמפף אויף טוידט און לעבען...

די מיסעס איז ענדליך אריינגעלאפען.

— וואס ברעכט איהר דארטען...

בערטע האט אבגעלאזט איהר קרבן, איז אבגעשפרונגען און געענטפערט צוטומעלט:

— איך פעררירכט מיין „טראנק"...

די מיסעס האט געדריקט מיט די פלייטשעס און איז ארויס...

בערטע איז בייזער געווארען. זי האט די קאסעלע גערי־סען פון אלע זייטען. ענדליך איז די קאסעלע געווארען רויט אין בלוט...

— זעה דו האסט די פינגער צושניטען — איז ראזע צוגעלאפען...

— עס שאדט נישט... האט בערטע זיך נים אונטערגע־געבען... דאס איז בלוטיג געלד...

ראזע איז געריהרט געווארען, האט זיך געוואשט די אויגען, אבער וועלענדיג צוגעבען מוט איהר גוטער און ליעבער חבר'טע האט זי זיך צולאכט, און איז איהר געקומען צו הילף.

דאס קאסעלע איז צוריסען געווארען אויף צוויי.

פאר די צוויי חבר'טעס האט זיך ענטפלעקט א פער־כשוף'טע וועלט. אינוועניג איז געוועזען עפעס א מאדנע רעדעל אויסגעדרעהט מיט פאפירענע ציפער און צווישען דעם רעדעל האט זיך גערודעלט זילבערנע דיימס....

זיי האבען די דיימס ארויסגעגראבעלט מיט די פינגער

איינע נאָך די אַנדערע, ווי מען גראָבעלט אַרוים געלד אין חלום און מען זוכט נאָך...

אַז זיי האָבען שוין געהאַט די זעכציג סענט האָבען זיי זיך פרעהליך צולאָכט און זייַנען אַראָב אין סטריט.

אין צימער האָט זיך געוואַלגערט דאָס קאַסעלע און האָט אויסגעקוקט, ווי אַ צוגראָבענער קבר...

דאָס צווייטע קאַסעלע איז געשטאַנען אין אַ ווינקעל מיט דעם גרויזאַמען ציפער 40 און האָט ווי מיט שרעק געוואַרט אויף דעם זעלבען סוף פון איהר חבר'טע...

# אינהאלט :


| | |
|---|---|
| ליעבע אהן א היים | 7 |
| די אמעריקאנער אייראפעאישע | 13 |
| די אילוזיע | 19 |
| גלייכהייט | 25 |
| אוינגען | 36 |
| ראטשילד און ראקאפעלער | 39 |
| זיין רייזע קיין אמעריקא | 44 |
| דעם ברודער'ס טשעק | 49 |
| ערשטע רייהען | 55 |
| דער געגאסע מיט'ן וויין | 61 |
| דעם בארבערס ווייבעל | 65 |
| די הינקעדיגע טענצערין | 72 |
| דער אלטער | 77 |
| א שאפ-מיידעל | 84 |
| די צוויי ארבייטער מיידלעך | 88 |
| צוקונפטס-ארטיקלען | 100 |
| וויכטיגע מיטינגען | 106 |
| דער מאן קומט ! | 112 |
| דער רב | 118 |
| דער זין פון ארבייט | 126 |
| וויסענשאפטליכע ליעבע | 132 |
| דער אויטאמאביל | 137 |
| דער נייער לעזער | 141 |
| ער האט געלאכט | 147 |

347C
74 I

די פרעמדע — 153
די צוויי מוטערס — 157
די געשטארבענע — 163
די „עלעגיע" — 168
נויטיגע ווערטער — 173
זיי האבען מורא — 176
די טובה — 184
דער אונפעהיגער כלל־טהוער — 193
מענשען־ליעבע — 201
דער בעזוך — 204
ביים שוי־פענסטער — 212
דער בעגלייטער — 219
קליינע ערצעהלונגען — 226
מיידעלשער שפאס — 233
די געשיכטע פון צוויי קאסעם — 244

